Sholem Aleichem.
Di goldgreber: a komedye in 4 aktn, 5 bilder.
In : Dramatishe shriftn.
Moskve, 1937.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005- 1913.9

**Sholem Aleichem, 1859-1916.**
Di goldgreber: a komedye in 4 aktn, 5 bilder.
In : Dramatishe shriftn.
Moskve : Emes, 1937.
Pp. 321-429; 18 cm. Oysgeveylte verk / Sholem-Aleykhem ; 9 bd.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Russia (Federation)-Moscow II. Sholem Aleichem, 1859-1916. Selections. 1937 ;

ID : NXYH01-B19047 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /35550 (v.9)

Reduction ratio x10.0

# די גאָלדגרעבער

א קאָמעדיע אינ 4 אקטנ, 5 בילדער

געשריבנ אינ יאָר 1907

## די פערזאָנען:

**לייווי מאָזגאָוואָיער**, א שיינער ייִד א באַלעבאָר, פאַ־רעכנט פאר א לאנד־כאָכעם, א יאָר 50.

**באשעווע**, זײַן ווײַב, א קאָשערע ייִדענע, אויך אין די יאָרן.

**עסטער**, זייער טאָכטער, א יעפאסטויאר, א יאָר 19.

**בעניע בען** (געוועזענער בענדעטזאָן), באשעוועס שוועסטערס זון, א באָכער פון א יאָר 30, געקומען צוגאסט פון אמעריקע.

**אידל טאָרבע**, אן אַלמען פון א יאָר עטלעכע און דרײַסיק, א כאלפן און א שטיקל פּראָצענטניק, רעדט מיט א דינן קאָל.

**איציק**, זײַן זונדל, א בארמיצווע־באָכערל, וואָס לערנט נאָך איוורע.

**מענדל באָרד**<br>
**עפראַיִם לאקירדע** } קרעמער<br>
**ניסל דערבארמיקער**

**יענטע**<br>
**העניע** } קרעמערנס.<br>
**אסנע**

**האָלאָוועשקע**, א גאָראָדאָווױ, א מעשומעד, אן אויסגעדינטער סאָלדאט מיט א מעדאל. זייער א סעמיטיש אויסזען. רעדט געמישט, האַלב ייִדיש, האַלב רוסיש.

**וולאָצלאווסקי**, א פויל, האנדלט מיט ייִדן. רעדט ייִדיש, פויליש, און לאָשנקוידעש.

**אוורעמעלע מעלאמעד**, א ייִד א מעלאמעד.

**עלקע**, אנ אלמאָנע מ'ט נײַנ מאָס רייד.
**זעלדע**, א קעכנ בא די מאָזגאָוואָיערס.
**ראָוו**, א זאָקנ.
**כאזנ**, א הויכער ייִד מיט א פארבונדנ האלדז.
**שאמעס**, א קליינ ייִדל, א וויינענדיקס.
**ייִדנ, וויַבער, קינדער.**

אָרט: א ייִדיש שטעטל אינ פּוילנ.
צײַט: אָנהייב אכציקער יאָרנ.

# ערשטער אקט

א מארק־פּלאצ. — קלייטנ, טישלעך. — די קלייטנ זיַינענ פארהאנגענ; אייניקע מיט רויטע מאטעריע, בא אנדערע הענגט א בינטל היי, א טרוקנ פישל אפ א פאָדעמ, א היטל. — בא די קלייטנ זיצנ די קרעמערנס; ווער עס ארבעט א זאָק, ווער עס שמועכט זיכ דורכ מיט דער שכיינע שטיל ערהייט. — בא די טישלעכ מיט עסנווארג אונ נאשערײַענ זיצנ אָפּגעריסענע מארק־וויַיבער פארזאָרגט. מע קוקט ארויס אפּ א קוינע. — א ביסל אפּ א זיַיט, בא א קליינ טישל, זיצט דער כאלפנ, **אידל טאָרבע**, מיט א גרויסער סיראטענער קעשענע, פארטיפט אינ דער ארבעט: ער ציילט געלט. די שפּיצ פינגער זיַינענ בא אימ שווארצ, ווי אײַנגעטונקענ אינ טינט. אפנ טישל בא אימ שטייענ קופּקעלעכ מיט פארשיידענע מאטבייעס — פונ א קאָפּעקע ביז א צוואנציקער זילבער. — אינ סאמע פראָנט שטייט **לייוי מאָזגאָוואָיער** מיט א פארשוויצטנ שטערנ, פארקאטשעט די ארבל אונ דארשנט. ארומ אימ שטייענ די קרעמער: **באָרד, לאקירדע, דערבארמיקער**. אידל טאָרבע לייגט צו אנ אויער, הערט זיכ צו פונדערוויַיטנ, טוט בעשאסמיַיסע זיַינ ארבעט — ציילט געלט. אלע זיַינענ אופּגעבראכט, קאָכנ זיכ.

ס'איז א הייסער זומער־טאָג אונ א טאָנעס (שיוועאָסאָר בעטאמוז).

**מאָזגאָוואָיער**. בעקיצער, ייִדנ, ס'איז מיט אונדז ניט פריילעכ!

**באָרד**. נאָכ א מינ ניט פריילעכ! (זיפצט).

**דערבארמיקער**. דער אייבערשטער זאָל שוימער־או־מאצל זײַנ! (ברעכט די הענט).

לאקירדע. פונוואנען ווייסט מען דאָס? מיר האָבן נאָך א גרויסן גאָט... (קיינער ענטפערט ניט לאקירדען. מ׳קוקט אף לייווי מאָזגאָוואָיער).

מאָזגאָוואָיער. וואָרעם וויבאלד די שטאָט גייט איבער צו קאזנא, זײַנען מיר אין דער ערד. ריישיס־כאָכמע, הייסט מען אראָפּטראָגן די הײַזער...

באָרד. די הײַזער....

דערבארמיקער. דער אייבערשטער זאָל שוימער־אור־מאצל זײַן!..

לאקירדע. שוין אזוי גיך טאקע? (קיינער הערט אים ניט).

מאָזגאָוואָיער. איך ווייס ניט, ווי איר, ייִדן, פאר מיר איז דאָס די גרעסטע גזיירע, וואָרעם מיר האָבן בעיערושע פונעם עלטערזיידן, אז מיר זאָלן אונדזער שטוב ניט טשעפּען, מאכמעס אונדזער שטוב איז א גליקלעכע שטוב. און דעם זיידנס א וואָרט איז בא אונדז קידעש. איר האָט זיך צוגעקוקט צו מײַן שטוב? די דרויסנדיקע וואנט, וואָס צום הויף צו, האָט זיך שטארק פּאָדאווע‌ט, שוין צוויי מאָל אונטערגעשפּארט מיט אָבאפּאלקעס, נאָר איבערבויען — דאָס ניט. דער זיידע האָט ניט געהייסן... וואָס דארפט איר מער? מיר האָבן א בעכער, אויך בעיערושע פונעם זײַדן, א געוויינלעכער זילבערנער בעכער, וואָס נאָר פּייסעך מאך איך אף אים קידעש און האוודאָלע — אנו, גיט מיר א מיליאָן, איך זאָל אײַך אוועקגעבן אָט דעם בעכער!

לאקירדע. און ווי וואָלט זײַן, לעמאָשל, ווען איך גיב אײַך אָנדערהאלבן מיליאָן?

באָרד (צו לאקירדען). וואָס זײַט איר פאר אן אײַנגעגעסענער ייִד, וואָס איר האָט ליב זאָגן אפּצעלאָכעס?

דערבארמיקער. קישמוי קייִנ הו — ניט אומזיסט הייסט ער לאקירדע!..

מאָזגאָוואָיער. האָט איר אײַך איינמאָל אוועק. ווועהאשיינים, וועט קאזנא הייסן, מע זאָל אונדז אראָפּטראָגן די



קלייטן, די הילצערנע קלייטן, און שטעלן אף זייער אָרט געמויערטע קלייטן, — און מיר וועלן דערווײַל געשלאָגן ווערן פון פּארנאָסע.

באָרד. פּארנאָסע...

מאָזגאָוואָיער. עמעס, מיר זיצן אזוי אויך אָפּ אמאָל דרײַ טאָג און קוקן ניט אָן קיין קוינע אין די אויגן, אוביפראט נאָך זומער־צײַט...

באָרד. זומער-צײַט...

מאָזגאָוואָיער. נאָר גאָרניט. ווי זאָגט מען: קאָלזמאנסע שלעפּט זיך, שלעפּט זיך עס...

באָרד. שלעפּט זיך עס...

מאָזגאָוואָיער. הײַנט נעמט, אשטייגער, טשינש... מיט אונדזער פּאָרעצ איז מעכײַע: האָסטו צו צאָלן, צאָלסטו, אניט — בעטסטו זיך אָפּ אפ שפּעטער. פאר נויט שמירט איר אונטער וולאָצלאווסקין מיט א שטיקל געפילטע פיש, שענקט ער אײַך א פּאטש אין פּלייצע און הייסט זיך זינגען מאיאָפּעס...

באָרד. זינגען מאיאָפּעס...

מאָזגאָוואָיער. און וויבאלד קאזנא, אזוי ווערט איבער אונדז דער גאנצער פּאָרעצ האָלאָוועשקע...

באָרד. האָלאָוועשקע...

דערבארמיקער. ייִמאך שמוי וועזיכרוי!

לאקירדע. פונוואנען איז געדרונגען, אז...

באָרד (שלאָגט אים איבער). לעמײַ זאָלט איר האָבן א טעווע קריכן יעגעם אין די ביינער ארײַן?..

לאקירדע. איך פרעג, פונוואנען ווייסט מען דאָס, אז די שטאָט גייט איבער צו קאזנא?

מאָזגאָוואָיער. איך האָב דאָך אײַך געזאָגט שוין איין מאָל, אז אזויווי אונדזער גראפטשוק האָט זיך פארהוליעט אין זאגראניצע, פארשפּילט אין קאָרטן דאָרטן ערגעצ אין מאָנטיקארל, ער האָט שוין געפּאטערט דאָס גאנצע ביסל אָרעמקײַט, וואָס דער אלטער גראף האָט אים איבערגעלאָזט, ער האָט שוין

דעם וואלד אויך פארשפילט, אזוי אז ס'איז אים ניט געבליבן מער קיין מאָווי, בילטי צו פארקויפן די שטאָט מיט האק און פאק צו קאזנא...

**באָרד** (צו לאקירדען). זײַט איר שוין צופרידן?

**לאקירדע.** דערווײַל איז דאָך עס ניט מער ווי א פשאט; איז מימאָנעפשעך: וויל איך — לערן איך מיר אזוי דעם פשאט, וויל איך — זאָג איך מיר פארקערט.

**באָרד.** פארשטייט זיך, אז פארקערט. בא אײַך קומט דאָך טאָמעד אויס פארקערט.

**דערבארמיקער.** א לוטוואק, א ציילעם־קאָפּ...

**מאָזגאָוואָיער.** טאקע גערעכט. בא די ליטוואקעס קומט אויס פרײַטיקצונאכטס, ווען די גאנצע וועלט עסט כאלעס, מאכן זיי אמויצע איבער קאָרנברויט... (צו לאקירדען). ווי איז דער דין, לעמאָשל, אז איך וועל אײַך זאָגן, אז איך האָב עס געהערט פון האָלאָוועשקען אליין? (נעמט זיך באם באָרד. מאכט צו די אויגן).

**לאקירדע.** פונוואנען ווייסט עס האָלאָוועשקע? (אלע קוקן איינס אף דאָס אנדערע און אף לאקירדען, ווי אף אן אָנשיקעניש).

**באָרד.** טפו זאָל דאָס ווערן! א ייִד זאָל דיר ליב האָבן אזוי ארײַנקריכן יענעם אין די קישקעס ארײַן!... (צו מאָזגאָוואָיער). אקיצער, איז דאָך טאקע עפּעס מיט אונדז זייער מיִעס. וואָס טוט מען, אשטייגער?

**דערבארמיקער.** סײַדן דער אייבערשטער זאָל טאָן עפּעס א נעס, דעם גראפ זאָל אוועקגיין א גוטע קאָרט?

**מאָזגאָוואָיער** (צעלאכט זיך). קומט אויס, הייסט עס, נאָך אײַער סייכל, אז מיר דארפן גאָט בעטן פארן גראפ, ס'זאָל אים גיין אין די קאָרטן? לאָמיר בעסער בעטן באם ריבוינע־שעלוילעם, אז עס האלט שוין יאָ בא א נעס, זאָלן מיר בע־סער געפינען דעם אויצער, וואָס נאפּאָלעאָן האָט דאָ באהאלטן. דאָס איז, דאכט מיר, א סאך גרינגער בא גאָט!

**באָרד.** און מער יוישער אוואדע!



**דערבארמיקער.** דער אייבערשטער איז א קויל־יאָכל, אז ער וויל, קאָן ער (זיפצט). מיר האָבן זיך שוין אָבער לאנג מעיאעש געווען דערפון.

**מאָזגאָוואָיער.** מעיאעש געווען? עס געווענדט ווער... איר זאָלט וויסן, וואָס איך האָב הײַנטיקע נאכט געזען אין כאָלעם, וואָלט איר ניט געזאָגט מעיאעש געווען.

**באָרד, דערבארמיקער.** דעהײַנע, וואָס? דערציילט, וועלן מיר אײַך פויסער־כאָלעם־זײַן (אלע דרײַ שטעלן אָן די אויערן; אידל טאָרבע הערט זיך צו).

**מאָזגאָוואָיער.** איר ווייסט דאָך, אז בעטעווע בין איך א מענטש, וואָס קאטאָרע איך גלייב ניט אין כאלוימעס. איך האלט ניט פון קיין פוסטע באָבע־מײַסעס, ווײַבערשע פיזמוינעס.

**באָרד.** ווײַבערשע פיזמוינעס...

**מאָזגאָוואָיער.** בא מיר איז נאָר דאָס, וואָס איך זע מיט די אויגן, אָדער איך טאפּ אָן מיט די הענט. לעמאָשל, ס'איז דאָ שויטים, וואָס האָבן מוירע, אז מע גייט זיי איבער מיט ליידיקע עמער, אָדער אז עס לויפט זיי דורך א שווארצע קאץ, אָדער אז עס גייט זיי איבער דעם וועג א גאלעך...

**באָרד.** א גאלעך...

**מאָזגאָוואָיער.** איך לאך פון דעם. צען פאָר ליידיקע עמער, הונדערט שווארצע קעץ, טויזנט גאלאָכים לאָזן מיר אי־בערגיין דעם וועג צען מאָל הין און צוריק — בלאָטע!

**באָרד.** בלאָטע!

**מאָזגאָוואָיער** (נעמט זיך באם באָרד, רעדט מיט א ניגן). ווי זשע איז אָבער דער דין, אז שוין באלד איין און צוואנציק יאָר, אז מײַן טאטע, זאָל האָבן א ליכטיקן גאניידן, איז טויט, איז ער נאָך איין מאָל אפילע ניט געקומען מיר צו כאָלעם. נאָר הײַנטיקע נאכט — ווערט איר הערן א מײַסע — נאָך דעם, ווי איך האָב מיך אָנגעזאט מיט יעסורים פון האָלאָוועשקעס פסורע, ייִמאך שמוי, אז דער פאָרעץ האלט בא פארקויפן די שטאָט צו קאזנא, בין איך אנשלאָפן געוואָרן מיט א שווערן

שלאָפּ, הער איך פּלוצעם דעם טאטנס קאָל, ווי ער מאכט צו מיר: „לייווי, מײַן זון, זאָלסט ניט איבערטראכטן צופיל, איר וועט אינגיכן אופגעריכט ווערן“... (אלע קוקן זיך איבער).

באָרד (ניספּאָעל). אינגיכן אופגעריכט ווערן?

דערבארמיקער. האלעווײַ, ריבוינעשעלוילעם! שוין צײַט!..

מאָזגאָוואָיער. ווארט אויס, איר זײַט נאָך ניט פארטיק. נאָכדעם מאכט ער צו מיר ווײַטער: „איר וועט אלע געהאָלפן ווערן און דו וועסט ניסאשער ווערן...“

באָרד. ניסאשער ווערן? טאקע מיט די ווערטער?

מאָזגאָוואָיער. טאקע מיט דעם לאָשן: „ניסאשער ווערן... און אז דו וועסט ניסאשער ווערן, זאָלסטו מיך צאמען, שטעלן א נײַ שטיבל אפ מײַן קייווער“... ווי איר זעט מיך א יידן, מיט די ווערטער!..

באָרד. א מאָדנער כאָלעם!

דערבארמיקער. האפּליי וואָפּעלע!

לאקירדע. וואָס זשע איז דערפון געדרונגען?

באָרד (צו לאקירדען). דערפון איז געדרונגען, אז איר זײַט אן אײַנגעגעסענער ייד, א ליטוואק, און גלייבט ניט קיינעם, נאָר זיך אליין.

מאָזגאָוואָיער. זייער גערעכט. אפילע זיך אליין גלייבט ער אויך ניט. ליטוואקעס — גאָר אן אנדער פאָלק... אקיצער, ווו זשע האלט איך? באַם כאָלעם. דאָס פארשטייט איר מיסטאמע גאנץ גוט, אז איך בין אויסגעגאנגען, געוואָלט הערן, וואָס וועט ער מיר זאָגן ווײַטער. נאָר ווי אפּצעלאָכעס האָב איך שוין מער ניט געקאָנט אנשלאָפן ווערן. איך בין געלעגן אין איין ציטערניש און אלץ געלערנט דעם פּשאט פון די ווערטער: „איר וועט געהאָלפן ווערן... דו וועסט ניסאשער ווערן...“ וואָס זאָל דאָס באדײַטן? ס'איז עפּעס ניט גלאַט.

באָרד. ניט גלאט...

מאָזגאָוואָיער. דערווײַל איז מיר געקומען אפן זינען:



דאָס, וואָס ער, אָלעוואשאָלעם, פלעגט אונדז דערציילן, אז ער האָט עס אליין געהערט פון זײַן טאטן, אז זײַן טאטע האָט דאָס געהערט פון זײַן טאטנס טאטן..

באָרד. פון זײַן טאטנס טאטן...

מאָזגאָוואָיער. אז דער זיידע האָט באדארפט שטארבן, ער איז געווען א זאָקן, האָט ער צונויפגערופן אלע קינדער און האָט זיך אָנגערופן צו זיי בעזע האלאָשן:

באָרד. בעזע האלאָשן...

מאָזגאָוואָיער. „איר זאָלט וויסן, קינדער מײַנע, זאָגט ער, אז איך שטארב אוועק...“

באָרד. אז איך שטארב אוועק...

מאָזגאָוואָיער. „מע רופט מיך, זאָגט ער, אהינצוצו...“

באָרד. אהינציצו...

מאָזגאָוואָיער (צו באָרדן). טאָמער וואָלט איר אופגעהערט מיר נאָכזאָגן, ווי א פּאָפּאָגײַ?

באָרד. ווי א פּאָפּאָגײַ... (פארכאפּט זיך).

מאָזגאָוואָיער (קוקט אפ אים א ווײַלע, דערציילט ווײַטער). אקיצער, ווו זשע האלט איך? בא מײַן טאטנס טאטן, ווי ער רעדט מיט די קינדער פארן טויט.. „געדענקט זשע, זאָגט ער צו זיי, קינדער מײַנע, איר זאָלט זיך פירן לײַטיש, אונטערהאלטן איינס דאָס אנדערע און היטן יענעמס קאָוועד, ווי אײַער אייגענעם קאָוועד, וועט אײַך דער אייבערשטער, זאָגט ער, באגליקן, איר וועט זוכע זײַן, זאָגט ער, צו געפינען דעם אויצער, וואָס דער גרויסער נאפּאָלעאָן האָט דאָ באהאלטן, זאָגט ער, בייס ער איז געגאנגען אײַנעמען מאָסקווע“.

באָרד. אײַנעמען מאָסקווע...

מאָזגאָוואָיער. און מער האָט ער ניט אויסגערעדט קיין וואָרט ביז דער לעצטער מינוט...

באָרד. ביז דער לעצטער מינוט...

לאקירדע (צו מאָזגאָוואָיער). האָט קיין פאריבל ניט, איך וויל ניט ריידן קיין לאָשנהאָרע אפ אײַער זיידן, אָדער עלטער־

זיידנ. איכ וואָלט נאָר וועלנ וויסנ, וואָס וואָלט אימ געאַרט, ער זאָל שוינ געווענ זאָגנ די קינדער דעמ אָרט, ווו דער אוי־צער ליגט באַהאַלטנ?

באָרד. א כאָכעמ א ייִד! מיסטאמע האָט ער אַליינ ניט געוווּסט!

דערבארמיקער. יענער דאָר האָט נאָכ ניט זויכע געווענ...

מאָזגאָוואָיער. אקיצער, וואָס זאָלט איר קלערנ, ווי־באַלד דער זיידע, אָלעוואשאָלעמ, איז געשטאָרבנ, האָבנ די קינדער נאָר אָפּגעוואַרט שלוישימ, אונ אז ס'איז איבערגעגאַנ־גענ שלוישימ, האָט מענ זיכ געגעבנ א נעמ צומ אויצער, דאָס הייסט, מע האָט זיכ אימ גענומענ זוכנ געשמאַק, מיט כיישעק, אינ אלע ווינקעלעכ פונ שטאָט, אונ מער אלס אומעטומ — אפנ בעסוילעמ, בארג-אראָפּ צומ טייַכ־צו.

באָרד. בארג-אראָפּ צומ טייַכ־צו.

לאקירדע. וואָס עפּעס אפנ בעסוילעמ?

מאָזגאָוואָיער. ווייַל דאָרטנ, אזוי דערציילנ אלטע ייִדנ, האָט דער גרויסער נעפּאָלעאָנ גערוט מיט זייַנ גאנצנ כאַיל, בייס ער איז אריבער דעמ ניעמאַנ.

באָרד. דעמ ניעמאַנ...

מאָזגאָוואָיער. אלטע ייִדנ דערציילנ, אז מע ווייסט אפילע דעמ אָרט, ווו נאפּאָלעאָנ איז געשטאַנענ אונ געקוקט אפנ ניעמאַנ. אפ דעמ אָרט איז אמאָל געשטאַנענ א שטיבל. אז דער אלטער גראפ קסאווערי האָט געלעבט, האָט מענ דאָס שטיבל אָפּגעהיט ווי דאָס שווארצאפּל פונעמ אויג. איצט איז ניטאָ קיינ זייכער פונעמ שטיבל, קיינער ווייסט ניט, ווו ס'איז אהינגעקומענ.

באָרד. אהינגעקומענ...

מאָזגאָוואָיער. א סוואָרע, אז ס'איז אינ איינ נאכט פארשוווּנדנ געוואָרנ.

באָרד. פארשוווּנדנ געוואָרנ...

מאָזגאָוואָיער. אונ ס'איז א סוואָרע, אז דאָרט, ווו



אמאָל איז געשטאַנענ דאָס שטיבל, ליגט באַהאַלטנ דער אוי־צער: ניט מער אונ ניט ווינציקער, ווי דרייַצנ פעסלעכ מיט גאָלדע־נע רענדלעכ.

באָרד. גאָלדענע רענדלעכ (זיפצט).

דערבארמיקער (ברעכט די הענט). דרייַצנ פעסלעכ גאָל־דענע רענדלעכ!..

לאקירדע. ווער האָט זיי געציילט?

באָרד. אנ אקציע מיט דעמ דאָזיקנ ייִדנ! (צו מאָזגאָוואָיער). האָבנ אייַער זיידנס קינדער, הייסט עס, געזוכט אומזיסט?

מאָזגאָוואָיער. ניט נאָר זיי האָבנ געזוכט, אלע האָבנ געזוכט. די גאנצע שטאָט האָט געזוכט. א סוואָרע, אז דער אלטער גראפ קסאווערי האָט אליינ אויכ כיישעק געהאַט צו די דרייַצנ פעסלעכ מיט גאָלדענע רענדלעכ, נאָר ער האָט ניט געוווּסט ווו...

באָרד. ניט געוווּסט ווו...

מאָזגאָוואָיער. קיינער האָט ניט געוווּסט ווו, אונ קיי־נער וועט ניט וויסנ ווו, אונ אז מע וועט וויסנ ווו, וועט דעמלט קומענ עפשער די צייַט פונ מאָשיַעכ...

באָרד. די צייַט פונ מאָשיַעכ...

לאקירדע. מאָשיַעכ?

דערבארמיקער. מאָשיַעכ!.. (אלע פארזאָרגנ זיכ. אידל טאָר־בע הערט זיכ איַינ מיט איינ אויער, די ווייַבער ווארפנ אוועק זייער שמועס אונ הערנ זיכ צו, ווי די מאנצבילנ ריידנ, כאפּנ אונטער דאָס לעצטע וואָרט „מאָשיַעכ").

1-טע מארק־ייִדענע (צו דער צווייטער). הער נאָר, דאָרט האַלט מענ שוינ בא מאָשיַעכנ.

2־טע מארק־ייִדענע. האלעווייַ, לאָז קומענ מאָשיַעכ, אבי פּאָטער ווערנ פונ די צאָרעס. ניט טראָגנ אפנ קאָפּ, ווו נעמט מענ פארנ פּאָרעצ אונ פאר דירעגעלט אונ פארנ גאָראָ־דאָווּוי...

3-טע מארק־ייִדענע. אונ די קינדער אפ ברויט.

4-טע מארק־ייִדענע. ברויט יאַק ברויט, די קישקע וועט מויכל זייַן. אָט איז הייַנט א טאָנעס, איז מען פּאָטער פון עסן. זעט איר, סכארלימעד, ווי איז מיר, סכארלימעד פאר די קינדער!.. (פונדערווייַטנ שנייַדט זיך א שיינ מיידל, אויסגעפּוצט אינ א היטעלע, א זאָנטיקל, הענטשקעלעך. די ווייַבער באטראכטנ זי פונ קאָפּ ביז פּיס).

יענטע (צו באשעווע מאָזגאָוואָיער). גאָט ליב אייַך מיט אייַער גאסט. אייַער טאָכטער גייט (שטיל צו העניען). זי האָט זיך עס א ביסל אויסגעסטראָצלט לעקאָוועד שיוועאָסאָר־בעטאמוז...

העניע (צו יענטען, שטיל). א מויד, ווי א צימעס. טאטע־מאמע ווערנ פארכליאַנעט פונ היץ, אונ זי שפּאצירט ווי א גראפינ׳ע... (הויכ, צו באשעוועג). אייַער עסטערל, קיינ אייַנאָרע, וואקסט...

אסנע (צו העניענ שטיל). ווי א פּורים־קוילעטש... (הויכ, צו באשעוועג). צייַט אייַך, באשעניו, א טראכט טאָנ מיקויעכ...

באשעווע. א שידעכ? אזא שטיק גאָלד זאָל מיר קומענ מאָשיִעכ, ווי גיכ מיר וועלנ איר געבנ א כאָסנ... לאָזנ זיך זאָרגנ די, וואָס האָבנ מער דערוואקסענע טעכטער.. (די ווייַבער קוקנ זיך איבער, ריידנ צווישנ זיך שטיל. ס׳קומט צו עסטער. דער פאָטער דערזעט זי, קומט ער צו צו זייַנ קראָם).

## עסטער

מאָזגאָוואָיער (צו דער טאָכטער). וואָס טוסטו דאָ פּלוצעמ אינ אזא היץ?

עסטער. איכ האָב אייַכ געבראַכט א בריוו. טרעפט פונוואנענ?

מאָזגאָוואָיער, באשעווע. פונוואנענ?

עסטער. פונ אמעריקע.

באשעווע (א פּליעסק מיט די הענט). א דינער איז מ׳ר! פונ מייַנ בעניענ?



מאָזגאָוואָיער (צו דער טאָכטער). א דונער איז איר פונ איר בעניען! אניט וואָלט איכ געמיינט, אז עמעצער נעמט צו בא איר דעם פלימעניק! וואָס שרייַבט ער, דער טאכשיט, פונ אמעריקע? א שאָק מיט יאָרנ ניט געוועג פונ אימ קיינ בריוול. די ערשטע צייַט פלעגט ער אמאָל ארייַנשרייַבנ עטלעכע ווערטער, אז ער „מאכט א לעבנ“... א מענטש זאָל גאָר „מאכנ“ א לעבנ! א פערעאָדעמ!.. (צו דער טאָכטער). נו, לייענ איר שוינ איבער דאָס בריוול (וויל אליינ אויכ הערנ, וואָס מ׳שרייַבט, טוט אָנ די ברילנ, ער זאָל בעסער הערנ).

עסטער (זעצט זיך אוועק נעבנ דער מוטער אפ א בענקעלע, לייענט דעמ בריוו, ווערנד די מוטער האָט צונויפגעלייגט די הענט ווי צו א טפילע, אונ דער פאָטער קוקט דורכ די ברילנ ארופ האלב שמייכלענדיק, האלט זיך באמ באָרד). „צו מייַנ ליבנ אָנקל לייווי מאָזגאָוואָיער אונ צו מייַנ ליבער טאנטע באשעווע מאָזגאָוואָיער, לעבט וואָל. ערשטנס מעלד איכ אייַכ, אז איכ בינ אָלרייַט...“

מאָזגאָוואָיער. וואָס איז ער?

עסטער (לייענט). „אָלרייַט“...

מאָזגאָוואָיער (דרייט זיך אויס צו די איבעריקע קרעמער, אפ א קאָל). ייִדנ! איר ווילט האָבנ האנאָע? קומט אהער, וועט איר האָרכנ א לאָשנ מיט א שפּראכ! (די קרעמער קומענ זיך צונויפ איינציקווייַז. די ווייַבער הערנ זיך צו פונדערווייַטנ. עסטער ווייסט ניט, וואָס צו טאָנ. דער פאָטער ווינקט צו איר). וואָס ביסטו געבליבנ שטיינ? לייענ, לייענ.

עסטער (לייענט). „אז איכ בינ אָלרייַט. איכ ארבעט שוינ מער ניט בא יענעמ. איכ בינ שוינ אליינ א באָס. איכ פארמאָג מייַנ אייגנס א פארמ מיט עטלעכע הונדערט אייקער לאנד, מיט א הייַזקע פונ זעקס רומס, מיט א גאָרטנ פונ אלערליי פּיירעס: עפּל אונ בארנ אונ טשערים אונ פּיטשעס אונ גרייפּס...“

מאָזגאָוואָיער (לא׳ט ברייטלעכ). וואָס זאָגט איר אפ דעמ טארגומ־אונקעלעס?

בּאָרד. עפּעס טערקיש...

דערבארמיקער. טאַטערש! אַ מענטש קען עס ניט פֿאַרשטײן...

לאַקירדע. װײַל מיר קענען ניט. מיר זאָלן קענען, װאָלטן מיר פֿאַרשטײן...

בּאָרד. אַפֿילע דאָ דאַרף לאַקירדע אױך זאָגן פּאַפּערעק, יענעם אַפֿ צעװיצענישׁ!

מאָזגאָװאָיער (צו דער טאָכטער). װאָס ביסטו געבליבן שטײן? לײען, לײען.

עסטער (לײענט). „...און פֿערד האָב איך אײגענע, און אָקסן, און װעגנס, און שליטנס, און אַ קערעדזש, װאָס איך פֿאָר זיך אַרױס אַלע זונטיק אַפֿן שפּאַציר, און ברױט אין די זעק, און געלט אין קעש...“

מאָזגאָװאָיער (צו די קרעמער). דאָס מײנט ער אין קעשענע... ס'װאָלט אָבער אַלצדינג געװען גוט, װען ס'זאָל זײַן אַן עמעס. דער כּיסאָרן איז, װאָס קאָל האַױיצע מעפּיװ איז שעקער־װעקאָזאָװ...

בּאָרד. אַפֿן הימל אַ יאַריד, אין פּאָליש אַ באָר־מיצװע.

עסטער (לײענט װײַטער). „...און װעריטינג מיט מײַנע אײגענע הענט... און איך האָב קײן כאַראָטע, װאָס איך האָב מיך אַװעקגעלאָזט אַהער, אין דהיז קאָנטרי, װו יעדער קאָן מאַכן אַ לעבן, אַבי ער פֿוילט זיך ניט און װיל אַרבעטן. אײן זאַך נאָר, װאָס איך בין אַ סינגעלמאַן, אײנער אַלײן, איך װיל גײן הײראַטן און קאָן מיר ניט צוקלײַבן אַ פֿרױ, איך װיל אַ פֿרױ אַ הײמישע, פֿון מײַן סטײט, װו איך בין געבױרן. איך רעכן, אױב מײַנע ביזנעס װעלן מיר דערלױבן, װעל איך קו־מען צו אײַך צוגאַסט, און אין אײנװעגס זײַן אַפֿ קײװער־אָװעס בײַ מײַנע עלטערן. און גריסט אײַער טאָכטער עסטער, װען איך בין אַװעק פֿון אײַך, איז זי נאָך געװען אַ בײבי, ניט אַלט געװען קײן יאָר אַפֿילע, איצט קער זי שױן זײַן אַ



גרױסע. איך שיק אײַך דאָ מײַן פּיקטשור און בעט אײַך אײַ־ערע פּיקטשורס...“

מאָזגאָװאָיער. װאָס? װאָס?

עסטער. ער מײנט דאָס בילד, אָט איז דאָס (נעמט אַרױס פֿון קאָנװערט אַ פּאָרטרעט, װײַזט דאָס דעם פֿאָטער און מוטער. פֿון זײערע הענט גײט דאָס בילד צו די קרעמער און צו זײערע װײַבער. יעדער באַ־טראַכט דאָס מיט אַן אַנדער מינע. באַשעװע װישט די אױגן פֿאַר פֿרײד).

מאָזגאָװאָיער (צו באַשעװען). ציג! װאָס װײנסטו? דאַנ־קען גאָט כאָטש דערפֿאַר. איך האָב מיך דערױף אױך ניט גע־ריכט... (צו די קרעמער). פֿון קינדװײַז אָן געװען אַ גאַרניט, אַן אױסװורף, לערנען ניט געװאָלט, כאָטש אַפֿילע געהאַט נישקאָ־שע פֿון אַ קאָפּ... זיך אופֿגעהאַלטן בײַ מיר, אַ יאָסעם נע־בעך... ער האָט זיך געריסן צו אַ מעלאָכע שטענדיק. האָב איך צו אַ מעלאָכע ניט געװאָלט אים אָפּגעבן... בײַ אונדז אין דער מישפּאָכע איז נאָך ניט געװען ניט קײן באַלמעלאָכע, ניט קײן מעשומעד... (קוקט אַפֿן בילד, שפּיגלט זיך). זעט אױס אַ מענטש... מײַסע־סױכער... (װײַזט דאָס בילד צו די איבעריקע קרעמער).

בּאָרד. מײַסע־סױכער...

מאָזגאָװאָיער. פֿון קינדער װערן לײַט...

בּאָרד. פֿון קינדער װערן לײַט...

לאַקירדע (קוקט אַפֿן בילד). זעט אױס װי אַ קאָמעדיאַנט, װי אַ קאַטערינשטשיק... ניט קײן באָרד און ניט קײן װאָנצעס...

בּאָרד. קאָן דאָס זײַן, אַז בײַ לאַקירדען זאָל דאָס אָפּ־לױפֿן גלאַט? (צו לײװי מאָזגאָװאָיער). װײסט איר, װאָס איך װאָלט אײַך געזאָגט?

מאָזגאָװאָיער. דהײַנע, לעמאָשל? (נעמט זיך באַם באָרד, מאַכט צו די אױגן).

דערבארמיקער (האַלט צו מענדל באָרד פֿאַר אַ האַנט, צו מאָז־גאָװאָיער). איך װעל אײַך טרעפֿן, װאָס ער װיל אײַך זאָגן. ס'איז מיר אײַנגעפֿאַלן די זעלבע מאַכשאָװע, בעשאַס איר האָט געלײענט דאָס בריװל...

באָרד (כאַפּט אויס די ווערטער בא דערבארמיקער פונ מויל). ס'איז פאר אייַער טאָכטער ווי אָנגעמאָסטנ...

דערבארמיקער. א זיווּעג מינ-האשאָמאַיִם!

מאָזגאָוואָיער (צום ווייַב). באשעווע, דו הערסט?..

באשעווע. אזא שטיק גאָלד זאָל מיר קומענ מאָשיַעכ!.. (צו עסטערנ). וואָס שעמסטו זיכ אזוי, טאָכטער? ס'א יִדישע זאכ...

לאקירדע. שאט! איר האָט זיכ געזאָרגט, מע לייזט קיינ געלט ניט, — אָנ גייט א קוינע... (דאָז וואָרט א „קוינע" ווירקט ווי א באָמבע. אלע טוענ זיכ א וואָרפ צו די קראָמענ. עס קומט אָנ וואָלאָצלאווסקי).

## וואָלאָצלאווסקי

וואָלאָצלאווסקי (אָנגעטאָנ אינ א קורצנ ווייַסנ באלאכאָנ אפ א לאנ:נ שווארצנ ראָק, א ברייטנ דאשעק איבער די אויגנ, א גרויסער פארא-סאָל פונ געלער פארוסינע אינ די הענט. — בלייַבט שטיינ מיט איינ האנט אינ דער זייַט, דעם קאָפּ ארופ, באטראכט דעם גאנצנ מארק. — אלע אויגנ קוקנ אפ אים).

באָרד (פונדערווייַטנ צום פּאָרעצ). דזינ דאָברי, וויעלמאָזשני פאניע!

לאקירדע. וואָס קויפט דער פּאָרעצ?

דערבארמיקער (בייגט זיכ צום פּאָרעצ פונדערווייַטנ). שוינ א לאנגע צייַט נים געזענ דעם פּאָרעצ!

מאָזגאָוואָיער (שטופּט אָפּ די איבעריקע קרעמער). איר זעט דענ נים, אז דער אָרנ גיים צו מיר? (צום פּאָרעצ, ווייַזט אים אפ זייַנ קראָם). פּראָשענ! פּראָשענ! (צו באשעווענ). בעהיימע! וואָס זיצסטו? שטיי אופ, בעט אים אינ כנוס אריַינ, טאָמער וועט ער עפּעס קניַענ! (באשעווע שטייט אופ, באגעגנט דעם פּאָרעצ מיט א ליכטיק שמייכעלע. אויכ די מארק-ווייַבער שטייענ אופ, ווייַזנ דעם פּאָרעצ אפ די שטעלעכלעכ, רעכענענ אים אויס, וואָס זיי האָבנ).



1-טע מארק-יִדענע. פּאָרעצעניו! צוקערקעס בארדזאָ סליטשנע, כטענגעס, סירעווע פּאָדעמ, פאניע, קאָשערע זייפּ, קעבעבע מיט לאקריצ!..

2-טע מארק-יִדענע. באליסכאָ, פאניע! אינדיק-זוימענ, מיליוטנ מיט סעקיטנ. בארדזאָ פזשעיעמנע צום הוסט!..

3-טע מארק-יִדענע. דאָברע אגמעסנעפעש, פאניע, יִדישער גאָלעס, סיפּקע צאָרעס, אומזיסטע יעסורימ!..

וואָלאָצלאווסקי (אינ גוטנ מוט). פּסיא קרעוו, מאלכאמאָ-וועסי! ניצ ניע פּאָטשעבנע, פּייַנע בעריע גאלעבוסטע! (ווייַזט מיטנ שירעמ אפנ כאלפנ). דאָ טעגאָ לייַדאקו! (גייט צו אידלענ). יאק סיע מאש, פאנ יודקאָ, לעכאיִמ קאפּאָרעס?

טאָרבע (כאַפּט אראָפּ דאָס היטל פארנ פּאָרעצ, קיקט מיט גאדלעס אפ די קרעמער). דזיענ דאָברי, פאניע, וואָס הערט זיכ נייַס, פאניע? (טרעט אימ אָפּ זייַנ בענקל, לייַט בא איינער פונ די מארק-ווייַבער אנ איבערגעקערט קעסטל פאר זיכ).

וואָלאָצלאווסקי (צו אידל טאָרבע). סיאדייַ, יודקאָ, בענ-דעמאָ שמועסנ כאלוימעס (זעצנ זיכ אוועק איינס אנטקעגנ דאָס אנדערע, ריידנ שטי:).

באָרד (צו לייווי מאָזגאָוואָיער). איר זעט דאָכ עפּעס א יִיד א קאָפּ-מענטש, וואָס, רעכנט איר, קאָנ דער אָדנ דאבערנ מיטנ כאלפנ?

דערבארמיקער. אוואדע מיקויעכ א האלוואָעלע, פונ וואָס דאבערט אנ אָדנ מיט א יעהודי?

לאקירדע. פונוואנענ איז געדרונגענ?

באָרד. א! לאקירדע איז דאָ מיט זייַנעמ!

מאָזגאָוואָיער. אונ איכ וועל אייַכ זאָגנ, אז איר זייַט אלע בעהיימעס. דאָס רעדט ער מיט אימ מיקויעכ דעמ, וואָס איכ האָב אייַכ דערציילט... (צום כאלפנ פונדערווייַטנ). רעב אידל-סערדצע! אנו, טוט נאָר א טאפּ דעמ אָדנ-האקאָטנ וועגנ דעמ אָדנ-האגאָדל, וועגנ דער מייַסע, וואָס דער מעשומעד האָט מיט מיר נעכטנ גערעדט...

טאָרבע (צו מאָזגאָוואָיער פונדערווײַטן). יעהודי בעלוי, דער אָדן איז מייוונ קאָל דיבער...

וואָלאָצלאַווסקי (צום כאַלפּן). וואָס וויל פון דיר טען אַפּיקורעס? (ווײַזט אַפּ מאָזגאָוואָיער; דערזעט עסטערן, גלײַכט זיך אויס, דרייט זיך די וואָנצעס). יאקאָ לאַדנא צורקאַ או טעגאָ מאַיאָפּעס! (ווינקט מיט די אויגן צו עסטערן).

עסטער (קאָן ניט איבערטראָגן וואָלאָצלאַווסקיס קוקן, הייבט זיך אויף אוועקצוגיין). מאַמע, איך גיי אַהיים!

באַשעווע. גיי, טאָכטער, און זאָג זעלדען, זי זאָל אויסזאַלצן דאָס פערטל אָפּ און צושטעלן אַ יײַכל פאַרן טאַטן אַפּ אָפּצופּאַסטן זיך פונעם טאָנעס (עסטער גייט אַהיים. אַלע ווײַבער באַגלייטן זי מיט די אויגן).

(עסטער אָפּ)

יענטע (צו העניען). טרעט אַרויס, ווי אַ גאָלדענע פּאַווע...

העניע (צו יענטען). דעם גראַפ בראַניצקיס טאָכטער...

אסנע (צו ביידן). מיינט, אַז קיין שענערס פון איר איז שוין אַפּ דער וועלט ניטאָ! (צו באַשעווען). הערט איר, וואָס איך וועל אײַך זאָגן, באַשעווניו, איר האָט מיט אײַער טאָכטער גאָר ניט וואָס צו דײַגענען; אַ שיינ מיידל, זאָגט מען, איז אַ האַלבער נאַדן.

באַשעווע. אַזאַ שטיק גאָלד זאָל מיר קומען מאָשיעכ... (עס באַווײַזט זיך פונדערווײַטן אוורעמעלע מעלאַמעד, פירט איציקן פאַר אַ האַנט, איציק וויינט).

## אוורעמעלע מעלאַמעד, איציק

באָרד (צו די איבעריקע קרעמער). זעט נאָר, וואָס גייט עפּעס פלוצלינג אַהער אוורעמעלע דער מעלאַמעד מיטן כאַלפּנס קאַדעש?

דערבאַרמיקער. מיסטאַמע האָט זיך אידלס בען פאַרזינדיקט, פאַרשטיפּט אַ מײַסע אין כיידער, פירט ער אים צושטעלן אַ בענקעלע צום טאַטן.



לאַקירדע. פונוואַנען איז געדרונגען?

באָרד (צו לאַקירדען). זאָגט נאָר, לאַקירדע, ווען וועט איר אַמאָל אופהערן פרעגן קאַשעס און אײַנעסן זיך אין די גאַרגערעס?

מעלאַמעד (פירט צו איציקן גלײַך צום כאַלפּנס טישל, ווערנד דער כאַלפּן איז פאַרטיפט אין אַ שטילן שמועס מיטן פּאָרעץ). איך האָב אײַך געבראַכט צו פירן אײַער קליינעם. ס'קאָן זײַן, אַז ער איז שולדיק, ס'קאָן זײַן, אַז ניין. איך האָב אים דערווײַל, איך בעט איבער אײַער קאָוועד, אַרײַנגעצימבלט...

טאָרבע (פאַלט אָן אַפּן מעלאַמעד). וואָס דולט איר אַ ספּאָדעק? איר זעט דאָך, אַז מע רעדט מיט אַ פּאָרעץ! (מעלאַמעד טרעט אָפּ. ס'רינגלען אים אַרום די קרעמער).

באָרד. וואָס איז די מײַסע, רעב אוורעמל, וואָס וויינט ער, דער קליינער?

דערבאַרמיקער. דער יונגאַטש האָט, אַפּאָנעם, אָפּגעטאָן אַ רעכט שפּיצל?

מעלאַמעד. איך וועל אײַך זאָגן, ייִדן, ס'קאָן זײַן, אַז ער איז שולדיק, ס'קאָן זײַן, אַז ניין. די מײַסע איז אַזוי געווען די מײַסע: שיוועאָסאָר־בעטאַמוז איז בײַ מיר אַ מינהעג, איך לאָז די קינדער ביז האַלבן טאָג פרײַ, זיי זאָלן זיך שפּאַצירן, און נאָך האַלבן טאָג זעצן מיר זיך לערנען, איבערכאַזערן די סעדרע פון דער וואָך. איך זע עפּעס, מײַנע טאַלמידים שושקען זיך... איך האָב פײַנט סוידעס איך... פרעג איך זיי: קינדער, וואָס איז? זאָגן זיי: גאָרניט, אַ רענדל. פרעג איך זיי: וואָס פאַר רענדלעך? זאָגן זיי: אַ גאָלדן רענדל האָט ער געפונען — און ווײַזן מיר אַפּן קליינעם. איך טו מיך אַ נעם צום קליינעם: איציק, ווו האָסטו גענומען אַ רענדל איציק? — זאָגט ער: געפונען... זאָג איך: ווו?.. זאָגט ער: אַפּן אַלטן בעסוילעם. זאָג איך: איציק, דו לײַגסט, איציק, דײַן טאַטע איז אַ כאַלפּן, זאָג איך, דו האָסט דאָס געגאַנוועט בײַ דײַן טאַטן... האָב איך אים קוידעם, איך בעט איבער אײַער

קאָוועד, אָפּגעשמיסן און געבראַכט צו פירן צו זײַן טאַטן, הערן, וואָס זײַן טאַטע וועט זאָגן...

מאָזגאָוואָיער (צו די איבעריקע קרעמער). געפעלט אײַך די מײַסע? (כאַפּט דעם מעלאַמעד מיטן יינגל, פירט זיי צו צום כאַלפן). רעב אידל, וואַרפט אַוועק דעם אָדן און הערט בעסער אַ שיינס פון אײַער זון!

טאָרבע (דערשראָקן). האַ? וואָס איז דען? (צום מעלאַמעד). וואָס האָט ער געטאָן?

מעלאַמעד. גאָרניט. די מײַסע איז אַזוי געווען די מײַסע: שיוועאָסאָר-בעטאַמוז איז בײַ מיר אַ מינהעג — איך לאָז די קינדער פרײַ ביז האַלבן טאָג, זיי זאָלן זיך שפּאַצירן, און נאָך האַלבן טאָג זעצן מיר זיך לערנען, איבערכאַזערן די סעדרע פון דער וואָך. איך טו אַ קוק, מײַנע טאַלמידים עפּעס שושקען זיך. איך האָב פײַנט סוידעס איך... רופ איך מיך אָפּ צו זיי: קינדער, וואָס איז? זאָגן זיי: גאָרניט, אַ רענדל... זאָג איך צו זיי: וואָס פאַר רענדלעך?.. זאָגן זיי: אַ גאָלדן רענדל האָט ער געפונען, און ווײַזן מיר אָן אויף אײַער קליינעם, אויף איציקן, הייסט עס... איך טו מיך אַ נעם צום קליינעם: איציק, ווו האָסטו גענומען אַ רענדל איציק?.. זאָגט ער: געפונען... ווו?.. אויפן אַלטן בעסוילעם. זאָג איך: איציק, דו לײַגסט, זאָג איך, דו האָסט, זאָג איך, אַ טאַטן אַ כאַלפן, זאָג איך, דו האָסט דאָס בײַ אים געגאַנוועט, זאָג איך, און האָב אים קוידעם, איך בעט איבער אײַער קאָוועד, אַרײַנגעבראָקט שיינע עטלעכע שמיצלעך און געבראַכט אים צו פירן צו אײַך מיטן רענדל — אָט איז דאָס רענדל! (גיט דעם כאַלפן אַ גאָלדענע מאַטבייע. אַלע שטעלן זיך אַרום כאַלפן, ווילן זען דאָס רענדל. דער כאַלפן באַטראַכט דאָס רענדל, וועגט דאָס אויף דער האַנט, קלינגט אין טישל, רײַבט מיטן נאָגל, פּרוווט אויף די ציין).

טאָרבע. ניין, דאָס רענדל איז ניט מײַן רענדל. איך האָב שוין לאַנג אַזעלכעס ניט געהאַט און ניט געזען אַפילע. דאָס איז נעבעך אַן עמעס רענדל, אַ נאַפּאָלעאָן פון די נאַפּאָלעאָנס, וואָס פלעגט אַמאָל זײַן.



מאָזגאָוואָיער (הייבט אויף די הענט). ייִדן! איר הערט? (צום ווײַב פונדערווײַטן). באַשעווע, ווו ביסטו? ס'איז מיר ניט גוט! מיינ איך, ס'איז מיר גוט! ס'איז אונדז גוט! ס'איז אונדז אַלעמען גוט!

באַשעווע (לויפט צו צום מאַן, נאָך איר די איבעריקע ווײַבער). גאָט איז מיט דיר, לייווי, וואָס איז דיר?

מאָזגאָוואָיער. גאָרניט, גאָרניט... ייִדן! מאַזלטאָוו, מיר זײַנען אויפגעריכט געוואָרן! מיר זײַנען געהאָלפן! ס'איז דער כאָלעם! ס'איז מײַן כאָלעם! (לויפט אַרום הין און צוריק). איך פאַרשטיי שוין! איך ווייס שוין, ווו דער אוצער ליגט! ער איז אויפן בעסוילעם, אויפן אַלטן בעסוילעם: דאָרט ליגט מײַן טאַטע, אָלעוואַשאָלעם, און מײַן טאַטנס טאַטע! דאָרט האָט אים, אויפן עם, נאַפּאָלעאָן באַהאַלטן. ס'איז קלאָר, ווי דער טאָג! דרײַצן פעסלעך גאָלדענע רענדלעך!.. ייִדן, וואָס שטייט איר? וואָס טראַכט איר? לאָמיר גיין! לאָמיר לויפן! לאָמיר נעמען אָט דעם ייִנגל און לאָמיר גיין אויפן אַלטן בעסוילעם זוכן דעם אוצער!.. (כאַפּט איציקן פאַר אַ האַנט. דער גאַנצער עוילעם איז עקזאַלטירט. אַלע פּנעמער זײַנען טויט. די ווײַבער ברעכן די הענט. ס'הערן זיך קולעס: „אוצער!.. אַן אוצער!.. דער אוצער!..").

טאָרבע (געשטאַנען ביז אַהער ווי געפּלעפט, טוט מיטאַמאָל זיך אַ כאַפּ, אַ שאַר צונויף דאָס גאַנצע געלט צו זיך אין דער סיראַטענער קעשענע, טוט זיך האַסטיק אַ לאָז צו לייווי מאָזגאָוואָיער, רײַסט אַרויס איציקן פון זײַנע הענט, איז אויסער זיך). יעהודי! פּאַוואָליע, פּאַוואָליע מיט די יאָדאַים! ער כאַפּט! ער לויפט! ער וועט לויפן! וווהין? וווהין וועט איר לויפן?

מאָזגאָוואָיער. וואָס הייסט וווהין? נאָכן אוצער!

באָרד. נאָכן אוצער!

דערבאַרמיקער. זוכן דעם אוצער!

די ווײַבער. דעם אוצער! דעם אוצער!

טאָרבע. וואָסער אוצער? וואָסערע לאָקשן? נאַ דיר גאָר אַן אוצער! אַ נעכטיקער טאָג! מאַלע וואָס אַ קינד פּלעשטשעט! אוצער — שמוצער!..

מאָזגאָוואָיער. אזא מייַסע? א קינד פלעשטשעט? רעב אידל! די קונצן פארשטייען מיר! (צום אוילעם). וואָס זאָגט איר, איך בעט אייַך, אפ דעם כאָכעם? ער וויל אונדז אלע־מען אָנפייַפן, דער כאַלפן!

באָרד. אָנפייַפן, אָט דער כאַלפן!

דערבארמיקער. טאָמער האָט דער אייבערשטער ראכ־מאָנעס געהאט, אונדז צוגעשיקט אן אויצער...

לאקירדע. וואָס מע ווייסט נאָך גאָר ניט, אויב עס האָט א מאמאָשעס...

מאָזגאָוואָיער (צו לאקירדען). פארשטייט זיך, איר דארפט דאָך האלטן מיטן כאַלפן! איר דארפט איבערשפארן די גאנצע וועלט! (צום כאַלפן). רעב אידל! ס'וועט אייַך העלפן ווי א טויטן באנקעס! יידן! וואָס שווייַגט איר? (ס'ווערט א גרויסער טומל).

טאָרבע (שטארק צעטראָגן און פארשוויצט, צו לייווי מאָזגאָוואָיער). אי, פע! שעמען מעגט איר זיך! א ייִד א בארדאס, קיין אייַנאָרע! א קאָפ־מענטש! מאכט א טארעראַם פון אזא נאריש־קייַט, פון א רענדל! נו, רענדל, מיילע וואָס זשע איז? א רענדל!..

מאָזגאָוואָיער. א רענדל, זאָגט איר? רענדלעך, רעב אידל, רענדלעך, ניט קיין רענדל! דרייַצן פעסלעך מיט גאָל־דענע רענדלעך! וואָס מיינט איר? ס'וועט אייַך אָפּלויפן אָט אזוי־אָ? (צום אוילעם). יידן! איר הערט? א רענדל, זאָגט ער!..

טאָרבע (לאָזט אויס זייַן הארץ צו איציקן און צום מעלאמעד). ווארט, ווארט, דו לייַבענער גוילעם, וועסט שוין בא מיר האָבן רענדלעך! (צום מעלאמעד). פערעאָדאָם, וואָס איר זייַט! וואָס זייַט איר געקומען? ווער האָט געשיקט נאָך אייַך? (נעמט איציקן פאר א האנט, וויל גיין). קום, אין דער ערד אריין, אהיים!

מאָזגאָוואָיער (פארשטעלט אים דעם וועג). אהיים? אָבער גאָר לוי! אז גיין, וועלן מיר שוין גיין אלע אינאיינעם! יאכ־דאָוו! ווייסט איר דעם פשאט פון יאכדאָוו? דאָס איז א בע־כיירעשער דין בא אונדז: אז איינער געפינט א זאך, און דער



אנדערער לאָזט ארויס דאָס וואָרט „יאכדאָוו" — איז פאר־פאלן!

באָרד. פאר־פאלן!

מאָזגאָוואָיער. אוביפראַט נאָך בא אזא זאך, ווי אן אויצער. וויבאלד אן אויצער — געהער ער צו אלעמען. יידן! וואָס שווייַגט איר? (דער טומל ווערט וואָס ווייַטער שטארקער. פאר גרויס אימפעט האָט מען פארגעסן אינעם פאָרעץ. מ'האָט אים אָפּגעשטויסן אפ א זייַט).

וואָלצלאווסקי (פארלירט זייַן געדולד, טרעט ארויס). פסיא קרעוו, מאלכאמאָוועסי! צאָ טו זא הארמידער?

מאָזגאָוואָיער (צום אוילעם). א כילעלאשעם פארן פאָ־רעץ, כ'לעבן! לאָז דער פאָרעץ אויך וויסן פון דער מייַסע! יידן, לאָזט מיך, איך קען פויליש! (רעדט צום פאָרעץ האלב אפ ייִדיש, האלב אפ פויליש, ווייַזט מיט די הענט). פאניע! טען כלאָפּעק (ווייַזט אפ איציקן) לערנט זיך בא אָט דעם זשידעק (ווייַזט אפן מעלאמעד). האָט ער געפונען א רענדל א טשערוואָניעץ, פון דעם אויצער, פאניע, פון דעם סקארב, וואָס געפינט זיך בא אונדז אפן צמענטארזש, בעסוילעם, פאניע...

באָרד. בעסוילעם, פאניע...

מאָזגאָוואָיער. דאָרט ליגט מייַן טאטע, אָיציעץ, פאניע, און מייַן טאטנס טאטע — ווּשיסטקע מאָזגאָוואָיערס ליגן דאָרטן.

באָרד. אלע מאָזגאָוואָיערס ליגן דאָרטן...

מאָזגאָוואָיער (צו באָרד). ווער בעט אייַך, איר זאָלט מיר העלפן ריידן? איך קאָן אליין (צום פאָרעץ). האָט ער, הייסט עס, געפונען דאָרטן נאָרוואָס א זלאָטע, פאניע, א רענדל, א נאפּאָלעאָן פון די נאפּאָלעאָנס, וואָס נאפּאָלעאָן האָט דאָ אמאָל באהאלטן... דער פאָרעץ דארף וויסן וואָסער נאפּאָלעאָן...

וואָלצלאווסקי. נאפּאָלעאָן באָנאפּארטע, וואָס איז גע־גאנגען שלאָגן קאפּאָרעס מיטן מאָסקאל אָוו ראָקו טיסיאָנצי אָשים סאָט דוואנאשטי?..

מאָזגאָוואָיער (אופגעלעבט, צום אוילעם). אָ! איר הערט?

דער פּאָרעץ ווייסט! מײַן טאטע... (צום פּאָרעץ). מײַן אָליציעצ, פאניע, האָט מיר שוין לאנג געזאָגט... (צום כאַלפּן). וואָס ווינקט איר צו מיר? ס'וועט אײַך ניט העלפן קיין ווינקען! דער פּאָרעץ איז ניט אזא פּאָרעצ...

באָרד. ניט אזא פּאָרעצ...

וולאָצלאווסקי (מיט קאס). צאָ טו זא כאדגאדיע, שאַ־כער־מאכער? (טוט א זעצ מיטן שירעם איבערן כאַלפּנס טישל). פּסיא קרעוו, וושיסטקאָ סיא נאליעזשע דאָ פּאנא גראביא, שאַ־לאכמאָנעסי!

מאָזגאָוואָיער (צום אוילעם). דער פּאָרעצ זאָגט, אז דער אויצער געהערט גאָר צום גראף (דער אוילעם שטוינט).

טאָרבע (קומט צו זיך, ווענדט זיך צו מאָזגאָוואָיער). נו? וואָס האָט איר געפּויעלט מיט אײַער געפּילדער? ניט פארגונען יאַנקעווג, וועט איר עס אוועקגעבן אייסעווג... זיך דער־שפּילט!..

מאָזגאָוואָיער (נאָך א קורצער פּויזע, טוט זיך א פּאטש אין שטערן). שאַט, ייִדן! איך בין געפאלן אף א גלײַכס. איך הייס לייווי מאָזגאָוואָיער! איך קום ארויס, פארשטייט איר מיך, פון די מאָזגאָוואָיערס!

באָרד. פון די מאָזגאָוואָיערס...

מאָזגאָוואָיער. איך געפין, אז ס'איז גאָר א מײַלע, וואָס דער פּאָרעצ ווייסט פון דעם אויצער. מיר דארפן זען, אז דער פּאָרעצ זאָל האָבן א כיילעק אין דעם אויצער גלײַך מיט אונדז, וועט דאָס אונדז צוניצ קומען פארן הויף, וואָרעם טאָמער, פארשטייט איר מיך, ווערט מען געוואָר אין הויף און מ'גיט א יעדיִע דעם גראף, אז מיר האָבן אן אויצער, דרײַצן פעסלעך מיט גאָלדענע רענדלעך, קען ער האָבן אן אפּעטיט צו די רענדלעך. ער דארף זיי נעבעך זייער נייטיק אין מאָנטעקארל צו דער שפּיל...

באָרד. צו דער שפּיל...

מאָזגאָוואָיער (צום פּאָרעצ). פאניע! איך לייג פאָר,



פאניע, אז דער פּאָרעצ זאָל האָבן א כיילעק, זײַן א שוטעף, פאניע, צום אויצער, גלײַך מיט אונדז אלע, פאניע!

וולאָצלאווסקי (בייגט זיך אונטער די זײַטן). כאָצי שעלי, כאָצי שעלאָכ?

מאָזגאָוואָיער. כיילעק קעכיילעק, פאניע, יאק באָגא קאָכאם! (צום אוילעם). פאָלגט מיך, ייִדן, לאָמיר שלאָגן מיטן פּאָרעצ בלאט! זײַט מאסקים און זאָגט: זגאָדא! שרײַט זשע, ייִדן: זגאָדא!

אלע. זגאָדא! זגאָדא!..

מאָזגאָוואָיער. הערט זשע, ייִדישע קינדער, און דער פּאָרעצ, פאניע, לאָז אויך הערן... גאָט האָט אונדז צוגעשיקט א גליק, אן אויצער, פאניע, וואָס טרעפט איין מאָל אין טויזנט יאָר. דארפן מיר זיך קוידעם געבן דאָס היליקע וואָרט, אז מיר זײַנען אלע אָט דאָ־אָ גלײַכע שוטפים... מיסטאמע איז דאָס אונדזער גליק, שטשענסטיע, נאש מאזל, פאניע...

באָרד. נאש מאזל, פאניע...

מאָזגאָוואָיער (צו באָרד). ווער בעט אײַך, איר זאָלט אונטערשטופּן דעם וואָגן? (צום אוילעם, פארקאטשעט די ארבל). אָדער שאַט, ווייסט איר גאָר וואָס? לאָמיר גיין אלע צום ראָוו, טאקע באלד! (צום פּאָרעצ). דאָ פאניע ראבינא, פאניע, מיר האָבן א ראָוו, פאניע, אן אויצער, ניט קיין ראָוו.

באָרד. אן אויצער, ניט קיין ראָוו...

וולאָצלאווסקי. דאָבושע, זשידע, פּוידעמאָ דאָ פאנא ראבינא.

מאָזגאָוואָיער. ייִדן, איר הערט? ס'א גאָלדענער פּאָרעצ דאָס איז! ער איז מערוצע זיך פארלאָזן אף אונדזער ראָוו! ס'אן אויצער, ניט קיין פּאָרעצ!

באָרד. אן אויצער, ניט קיין פּאָרעצ!

מאָזגאָוואָיער (מיט גרויסקײַט, אין דער ראָליע פון א גענעראל־קאָמאנדיר). געדענקט זשע, קינדער, אכדעס! אכדעס! און בעסאָך, האלט ס'מויל, וואָרעם ס'איז אן אויצער! אן אויצער

איז, פארשטייט איר מיך, אַן איידעלע מאַטעריע! אַן אויצער האָט מוירע פאַר אַ גוט־אויג...

באָרד. פאַר אַ גוט־אויג...

מאָזגאָװאָיער. און מער פון אַלץ דאַרף מען זיך היטן פאַר אונדזער גאָראָדאָװױ, יימאַך שמוי װעזיכרוי! װאָרעם טאָמער װערט כאָלילע געװאָר אָט די פּיאַװקע האָלאָװעשקע, קומען זאָל אַף אים אַ כאָליערע, ריבױנעשעלױלעם!

באָרד. אַ כאָליערע, ריבױנעשעלױלעם! (אין דער מינוט װאַקסט אױס װי פון אונטער דער ערד האָלאָװעשקע).

## האָלאָװעשקע

(אין זײַן אוניפאָרם אַלס פּאָליציסט, מיטן שװערד איבער די אויסגעבױגענע פּלײצעס. — דאָס היטל מיט דער קאָקאַרדע אַף די שװאַרצע געגרײַזלטע האָר זיצט, װי אַן אױרעך. — אַף דער ברוסט אַ צײלעם. — זײַנע עכט ייִדישע אױגן קוקן אַפן גאַנצן עולעם. — דער עולעם קוקט אַף אים. — אַלע זעען אים, אַחוץ לײװי מאָזגאָװאָיער און אַחוץ מענדל באָרד).

מאָזגאָװאָיער (צו װאָלאָצלאַװסקין). אָט דער האָלאָװעשקע, פּאַניע, זײַן זאָל ער פאַר אײַך אַ קאַפּאָרע, פּאַניע!

באָרד. די קאַפּאָרע, פּאַניע! (האָלאָװעשקע הערט, װי מע שילט אים. מאָזגאָװאָ ער דרײט אױס דעם קאָפּ צוריק, װו דער עולעם קוקט, דערזעט דעם גאָראָדאָװױ, כאַפּט אַראָפּ פון אים דאָס היטל, פאַרנײגט זיך צו אים גאַנץ העפלעך. האָלאָװעשקע ענטפערט אים אָפּ מיטן זעלבן אױפן. לאַנגזאַם פאַלט דער פאָרהאַנג).

# צװײטער אַקט

בא לײװי מאָזגאָװאָיער — אַ פּאָשעטע באַלעבאַטישע שטוב. — באַלעבאַטיש מעבל: אַ גרױסער טיש, אַ גרינע קאַנאַפּע, אַן אַלטמאָדישער שפּיגל, אַ שװאַרצװאַלדער װאַנטזײגער מיט שװערע געװיכטן און מיט אַן אומרו. — אַף די װענט — בילדער: מױשע מאָנטעפיאָרע, ראַמבאַם, אַבאַרבאַנעל, אַ געשניצטער מיזרעך. — צװײ טירן: אײנע אַנפאַס, אין דרױסן אַרױס; די צװײטע — אַן אינװײניקסטע. — באַשעװע, אָנגעטאָן שאַבעסדיק װי אַ מעכוטענעסטע, דאָס זײַדענע טיכל אַרונטער די אױערן, עס באָמבלען זיך צװײ לאַנגע זילבערנע אױרינגלעך. זי גרײט צו ליכט, לאָמפּן, דעקט צום טיש... — אין אַ װינקעלע זיצט עסטער, דאָס פּאָנעם אין די הענט. — פאַרנאַכט, האַלבפינצטער, די זון איז אױסגעלאָשן, קײן פײַער ברענט נאָך ניט.

באַשעװע. נו? עסטערל? װען װעסטו זיך שױן אָנטאָן? שױן צײַט. עס װערט נאַכט. אָקאָרשט װי מע זעט ניט, קומען זיך. צונויף געסט. קײן סאַך מענטשן װעלן מיסטאַמע ניט זײַן. דער טאַטע האָט אַפילע געהאַט בעדייע צונױפרופן די גאַנצע שטאָט, מאַכן אַ קנאַסמאָל, ס'זאָל קלינגען. נאָכדעם האָט ער זיך אַרומגעקוקט, אַז עס איז ניט קעדײַ אױפצורײַסן דער װעלט די אױגן. די װעלט איז אונדז אַזױ אױך גענוג מעקאַנע אַפן שידעך: אַ קלײניקײַט, אַזאַ גליק — דורך אײדלען װערט

געהאָלפֿן א גאנצע שטאָט... (פּריזע). עסטער !.. וואָס שוויַגסטו, עסטערל ?.. (גייט צו, קוקט זיך איַן אין דער פֿענצטער). א דונער האָט מיך דערשלאָגן ! דו וויינסט שוין ווידער ? האָבט דאָך מיר צוגעזאָגט, קינד מיַינס, אז דו וועסט שוין מער קיין יעסורים דער מאמען ניט אָנטאָן... (זעצט זיך אוועק נעבן איר, זיפצט, לאָזט אראָפּ די הענט). פֿארוויסט און פֿארפֿינצטערט בין איך געוואָרן. צו וואָס לעב איך אפֿ דער וועלט ?..

עסטער (פֿאלט צו צו דער מוטער). מאמע, לאָז מיך אויסוויינען מיַין ביטער הארץ. לאָז מיך געזעגענען זיך מיט מיַינע יונגע יאָרן... (וויינט).

באשעווע (דריקט זי צו צום הארצן). נו, נו, נו, גענוג, טאָכטער מיַינע, גענוג. גלייב מיר, איך ווייס, איך בין דאָך א מאמע, און א מאמעס הארץ פֿילט... איך בין אליין אויך געוועזן אמאָל א מיידל, און אז איך בין א קאלע געוואָרן פֿאר דיַין טאטן — איך געדענק עס אזוי ווי היַינט, — האָב איך קארג, מיינסטו, געוויינט ? וואָרעם כאָטש דיַין טאטע „קומט ארויס פֿון די מאָזגאָוואָיערס", פֿונדעסטוועגן, אזא שטיק גאָלד זאָל מיר קומען מאָשיעך, ווי אלע האָבן געלאכט פֿון דעם שידעך... זיי האָבן געלאכט, און איך האָב געוויינט. איך ווייס ניט, וואָס זיי האָבן געלאכט, איך ווייס ניט, וואָס איך האָב געוויינט...

עסטער. איך ווייס שוין יאָ, וואָס איך וויין. איך וויין אפֿ דעם אומגליק, וואָס אפֿ מיר האָט זיך גענומען. אפֿ דעם אויצער, דעם מאלכאמאָוועס מיַינעם !

באשעווע (קוקט זיך ארום). ששש... רייד ניט אזוי הויך, טאָמער כאָלילע דערהערט דער טאטע... ער איז אזוי אויך די לעצטע צײַט, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפֿן פֿאר די רייד, ריין מעשוגע ; ער עסט ניט, ער טרינקט ניט, עס קומט קיין שלאָף אפֿ זיַינע אויגן. און אז ער ווערט שוין יאָ אמאָל אנשלאָפֿן, כאפּט ער זיך אוף אין איין שרעק מיט א שמא־יִסראָעל — וואָס איז ? — עס האָט זיך אים, זאָגט ער, געכאָלעמט, אז



האָלאָוועשקע דער גאָראָדאָוווי האָט געבראכט פּאָליציע און מע האָט באפֿאלן דאָס אלטע בעסוילעם מיטן אויצער...

עסטער. האלעוויַ זאָל גאָט געבן, ס'זאָל זיך טרעפֿן אזא נעס, וואָלט איך אריַינגעוואָרפֿן אין מייער־באלנעס־פּושקע...

באשעווע. גאָט איז מיט דיר, עסטער, וואָס רעדסטו ? א גאנצע שטאָט מיט מענטשן, אָרעמע באלעבאטים, נעבעך, קוקן ארויס אפֿ דעם איינציקן שטיקל האָפֿענונג, אפֿ דעם אויצער, קומט זי צו גיין און טוט זיך א זאָג... וויין ניט, קינד מיַינס, מיט דיַינע געוויינען נעמסטו מיר ארויס דאָס געזונט (עסטער האלט דעם קאָפּ אין דער מוטערס שויס, כליפּעט). גלייב מיר, איך האָב גענוג געארבעט פֿארן טאטן, אים געבעטן, ער זאָל צוווארטן נאָך א טאָג, נאָך צוויי, טאָמער קומט ער, דער פֿליִמעניק מיַינער, פֿון אמעריקע... ער האָט דאָך אים אליין געשריבן, דער טאטע דיַינער, ער זאָל קומען צו פֿאָרן, געגעבן אים אָנצוהערעניש, אז ער האָט פֿאר אים א קאלע ; דאָס האָט ער טאקע געמיינט דיך, ניט קיין אנדערע... און איצט האָט ער פֿארקרעוועט דעם דישל. טאָרבע און טאָרבע ! ער האָט זיך פֿארליבט אין אידל טאָרבע — וואָס זאָל איך טאָן... ער איז אזויפֿיל עפּשער ניט שולדיק, ווי גוטע לײַט, שטיגוטערעס, כטיַיטש, אזא גליק, א האלבער אויצער געהערט צו אים... דער ראָוו אליין האָט געפּאסקנט, אז א האלבן אויצער דארף נעמען אידל, און דורך זיַין זכוס ווערט געהאָלפֿן א גאנצע שטאָט... און מיַילעס זאָגט מען אפֿ אים, אפֿ אידלען, א שטילער מענטש... איך ווייס ? עפּשער... פֿאָלג מיך, טאָמער איז דאָס א באשערטע זאך ?.. עפּשער איז דאָס פֿון גאָט ?.. א מענטש נעמט זיך ניט אליין... א יִדישע טאָכטער דארף טאָן, וואָס טאטע־מאמע זאָגן... דו ווייסט נאָך ניט דיַין גליק... וואָס ווייסט א מענטש ?..

עסטער (אופֿנעהויבן דעם קאָפּ פֿון דער מוטערס שויס, ווישט זיך אויס די אויגן, מאכט צורעכט די האָר). וואָס ווייסט א מענטש ?.. (זיפצט).

באשעווע. גיי טו זיך אָן, טאָכטער, וואש דיך איַין דאָס פּאָנעם... פֿרעמדע מענטשן... קיינער דארף ניט וויסן..

ע ס ט ע ר (זאָגט נאָכ מאָנאָטאָנ). קיינער דארפ ניט וויסנ... קיינער וועט ניט וויסנ... קיינער... קיינער... (פונ דער אינווייניק־סטער טיר באווייזט זיכ. ז ע ל ד ע ד י ק ע כ נ)

## זעלדע

ז ע ל ד ע (פארקאטשעטע ארבל, דאָס פּאָנעמ אויסגעשמירט מיט פעטנ אונ מיט סאזשע, שטייט אפ דער שוועל).

ב א ש ע ו ו ע. וואָס איז, זעלדע?

ז ע ל ד ע (מיטנ עלנבויגנ איבער דער נאָז ארופּ). איכ ווייס ניט, צי פונ דער טיר, צי פונ פענצטער האָט ארײַנגעצויגנ א ווינטל, אונ ער האָט געכאפּט א כארקילעכצ... פונ איינ זײַט א געשווילעכצ, אונ א־נמיטנ איז ער געבלעזלט...

ב א ש ע ו ו ע (דערשראָקנ). ווער איז?

ז ע ל ד ע. ווער זאָל זײַנ? דער טאָרט!..

ב א ש ע ו ו ע. וואָס ס'האָט זיכ מיר געכאָלעמט די נאכט אונ יענע נאכט!..

ז ע ל ד ע. אָט האָסטו דיר! איר האָט דאָכ מיר אליינ אָנגעזאָגט, אז ס'וועט האלטנ באמ ארויסנעמענ דעמ טאָרט פונעמ אויוונ, זאָל איכ אײַכ קומענ זאָגנ... (באשעווע שטייט אופ גיינ אינ קיכ).

(באשעווע אָפּ)

ז ע ל ד ע (גייט נאָכ נאָכ באשעוועג, קערט זיכ אומ). עסטערל, נעשאָמעניו, זאָלסט מיר זײַנ געזונט, ס'איז עמעס, וואָס מע זאָגט, אז ניט שפּעטער כונ נאָכשאבעסדיקער וואָכ דארפ מענ אימ שוינ געפינענ?

ע ס ט ע ר. ווּעמענ?

ז ע ל ד ע. וואָס הייסט ווּעמענ? דעמ אויצער.

ע ס ט ע ר. פונוואנענ זאָל איכ וויסנ?

ז ע ל ד ע. א שיינע מײַסע! ווער דענ זאָל וויסנ, אז ניט דו?



ע ס ט ע ר. וואָס טוט זיכ עס אײַכ מער נייטיק פונ אלעמענ?

ז ע ל ד ע. האָסט פארגעסנ, אז איכ מאכ אויכ כאסענע א טאָכטער אונ האָב ניט מיט וואָס? או גאָט וועט ראכמאָנעס האָבנ, מע וועט געפינענ דעמ אויצער, וועט דאָכ מיר אויכ עפּעס ארײַנפאלנ. מע זאָגט, אז אלע יִידנ האָבנ א כיילעק אינעמ אויצער... עפּשער ווייסטו, וויפל קאָנ זיכ אָנעמענ אפ מײַנ כיילעק? איכ בינ פיר „אירע" (צײלט אפ די פינגער): מײַנ עלטערע טאָכטער — איז ניט איינס, מײַנ באָכער — איז ניט צוויי, דאָס יִינגערע מיידל — איז ניט דרײַ; אונ ווו בינ איכ?..

ע ס ט ע ר (הערט ניט). איר געדענקט, זעלדע, איר האָט מיר אמאָל דערציילט פונ אײַערער א יִינגערער שוועסטער, וואָס זי האָט זיכ געסאמט... וויאזוי, מיט וואָס האָט זי זיכ געסאמט?

ז ע ל ד ע. וואָס עפּעס פלוצעמ אינמ־טנדערינענ? לאָז זי האָבנ א ליכטיקנ גאניידנ, זי איז שוינ אירס אָפּגעקומענ. מיט שוועבעלעכ האָט זי זיכ געסאמט, ניט דאָ געדאכט, ניט פאר קיינ שום יִידישער שטוב געדאכט... געקויפט פאר א קאָפּעקע א פעקל שוועבעלעכ, אָפּגעהאקט די קעפּלעכ, אײַנגעווייקט אינ א גלאָז וואסער אונ אויסגעטרונקענ. פונ וואָס, מיינסטו, איז מענ געוואָר געוואָרנ? פונעמ רויכ. עס האָט געזעצט, ווי פונ א קוימענ... אז מענ איז ארײַנגעקומענ אינ שטוב אונ מע האָט א...

ע ס ט ע ר. פארוואָס האָט זי זיכ געסאמט, אײַער שוועסטער?

ז ע ל ד ע. מײַנ ריקל, אָלע־האשאָלעמ? פאר צעלאָכעס. זי האָט זיכ אײַנגעשפּארט, זי וויל ניט קיינ קאצעוו; זי וויל ניט גיינ צו דער כופּע מיט א קאצעווניאק, זאָגט זי, מע זאָל איר אראָפּנעמענ, זאָגט זי, דעמ קאָפּ! נו, אונ די מאמע, אָלע-האשאָלעמ, האָט דאפקע יאָ געוואָלט דעמ קאצעוו, וואָרעמ דער קאצעוו איז געווענ א יִיד א נאָגיד, דאָס הייסט א באלעבאָס, שוינ אינ די יאָרנ, צוויי מאָל אזוי אלט, ווי ריקל, אונ א מיִעסע בריִע, א געשטופּלטער, זאָל ער מיר מויכל זײַנ, אויב ער לעבט, אונ אויב ער איז געשטאָרבנ, זאָל ער מיכ קומענ ווארגנ,

ער איז געווען דער שאַליעך, דער מאַלכאַמאָוועס פון מײַן שוועסטער, אזא יונג ביימעלע. אוי, האָט זי ניט געוואָלט שטאַרבן! אוי, האָט זי געשריִען: ראַטעוועט מיך, ייִדישע קינדער, ראַטעוועט מיך! ראַטעוועט מיך! ראַטעוועט מיך! (עס קומט אָן ב א ש ע װ ע מיט א בעקן, אפּן בעקן אַן אויסגעבאַקענער טאָרט; דערהערט א געשריי, בלײַבט שטיין).

## באַשעווע

ב א ש ע װ ע. איר זײַט מעשוגע געוואָרן, זעלדע, וואָס גוואַלדעוועט איר?

ז ע ל ד ע. ווער גוואַלדעוועט? דאָס דערצייל איך אײַער טאָכטער פון מײַן שוועסטער ריקל אָלע-האַשאָלעם, וויאַזוי זי האָט זיך געסאַמט...

ב א ש ע װ ע (קוקט זי אָן). אינמיטנדערינען? ניט געפונען קיין בעסערע צײַט צו ריידן פון געסאַמטע?.. גייט בעסער אין קיך, גיט אַכטונג צו די פיש, זיי זאָלן ניט כאַפּן דעם אייגענעם פּסאַק, כאָלילע, וואָס פאַראַכטאָגן פרײַטיק...

ז ע ל ד ע. מאַזלטאָוו! טאָמער האָט זיך געמאַכט איין מאָל אין א יויוול, די פיש האָבן געכאַפּט א זאַניטע און געשמעקט מיט רויך, וועט מען דאָס מיר געדענקען, ביז מאָשיעך וועט קומען... (מיטן עלנבויגן איבער דער נאָז אַרופּ).

(זעלדע אָפּ)

ב א ש ע װ ע (ציִנדט אָן א לאָמפּ, נעמט זיך שנײַדן דעם טאָרט). אז ס'איז אַלצדינג בא אים כאַפּנדיק... דײַן טאַטן, אז עס קומט אָן. ער האָט נאָר געוואָלט, ס'זאָל זײַן א קנאַסמאָל מיט א כאַסענע אינאיינעם... קאַם אָפּגעבעטן זיך בא אים אף כאָצי-עלעל.

ע ס ט ע ר (שטייט אוף, גלײַכט זיך אויס). מאַמע, די כאַסענע וועט זײַן פריִער, פאַר כאָצי-עלעל...

ב א ש ע װ ע (הערט אוף שנײַדן, קוקט אף דער טאָכטער). פאַר כאָצי-עלעל?



ע ס ט ע ר. פאַר כאָצי-עלעל... ס'וועט זײַן א כאַסענ:ע... א גוטע כאַסענע... א פריילעכע... איר וועט זיך פרייען... איצט גיי איך מיך אָנטאָן... (גייט פאַרבײַ דער מוטער. איר רויִק טרויעריק געזיכט שײַנט אָפּ פון דער ליכט, אף אירע טויטע ליפּן — א ביטערער שמייכל. די אויגן ברענען. בא דער טיר בלײַבט זי שטיין א ווײַלע, דרייט אויס דעם קאָפּ צוריק, קוקט אף דער מוטער מיט צערטלעכקײַט, מיט בענקשאַפט, טוט א בראָך די פינגער, גייט אוועק).

(עסטער אָפּ)

ב א. ש ע װ ע (לאָזט אַרויס דאָס מעסער פון האַנט, בלײַבט שטיין איבעראַשט). פאַרוויסט איז מײַן וועלט... פאַרפינצטערט איז מײַן לעבן... וואָס טו איך, וואָס הייבט מען אָן צו טאָן אף דער וועלט?.. איך קען ניט צוזען דעם צאַר פון מײַן קינד... אזא קינד... א שעפעלע... די כאַסענע וועט זײַן, זאָגט זי, פריִער... א פריילעכע כאַסענע, זאָגט זי... (ברעכט די הענט). ווײ איז מיר! איך זאָל זי כאָלילע ניט פאַרשפּילן, ניט אין אזא שאָ אויסגערעדט זאָל זײַן... וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? אַן אומגליק האָט זיך אף מ'ר גענומע:! די גאַנצע שטאָט האָט זיך אַרײַנגעלייגט, ס'זאָל זײַן א שידעך... מע טאָר, זאָגן זיי, אידלען ניט דעראַגזוענען... בין איך שולדיק! דאַרף מײַן קינד זײַן א קאָרבן, אַרײַנפאַלן צו אידל דעם כאַלפן אין די הענט אַרײַן!.. (פויזע). ווען מײַן שוועסטערס זון זאָל כאָטש געווען קומען צו דער צײַט, ווי ער האָט געשריבן, וואָלט עפשער אַנדערש געווען... אַלצדינג אַנדערש... (עס קומט פון דער דרויסן-טיר ל ײ װ י מ אָ ז ג אָ װ אָ י ע ר. זי נעמט זיך צוריק צום טאָרט).

## מאָזגאָוואָיער

מ אָ ז ג אָ װ אָ י ע ר (אָנגעטאָן ווי א מעכוטן, שפּאַנט אַרום איבערן כיידער צעטראָגן, פאָכט זיך דעם קאָפּ מיטן היטל). נננו, אַן אויצער! פאַר אַלעמען דאַרף מיר דאַרן דער מויעך! אַלעמען דאַרף איך טראָגן אפן קאָפּ!

באשעווע (הערט ניט אוף צו שנײַדן דעם לעקעך). וואָס טראָגסטו צאָרעס מער פון אלעמען? דארפסט טאקע פארזאָרגן די גאנצע וועלט?..

מאָזגאָוואָיער. ווער דען, אז ניט איך? א שטאָט פון בעהיימעס! פארשטייען ניט פונדאנען אהין, ווייסן נאָר אייצעס געבן און פירן רעכילעס פון איינס צו דאָס אנדערע... (שטעלט זיך אָפּ). אָט ווערסטו זען, לאָז נאָר גאָט געבן, מע זאָל שוין געפינען דעם אויצער, וועט דאָס ווערן א כאסענע מיט א גע־שלעג איבער די כאלאָקים! זיי וועלן קומען אפן גרייטן — און וועמען דארט דער קאָפּ? מיר! ווער שליסט א שוטפעס צווישן אידלען און צווישן פּאָרעצ וואָלאָצלאווסקי, זיי זאָלן ביידע לייגן הויצאָעס אפּ זוכן דעם אויצער? איך! אומעטום איך! ווי א צאָרע, ווי א שלאק — א'ז צו מיר! איצט האָט מיר גאָט צוגעשיקט א נײַע מאקע — האָלאָוועשקע! הערסטו, אז איך וועל פון אָט דעם מעשומעד ניט באקומען די אפּאָפּ־לעקציע, וועט זײַן א נעס מין־האשאָמאַיִם!

באשעווע. וואָס איז שוין עפּעס נײַס?

מאָזגאָוואָיער. אָט וועל איך דיר גיין דערציילן נײַס!

באשעווע. פארוואָס ניט?

מאָזגאָוואָיער. דערפאר, וואָס דו וועסט ניט פאר־שטיין.

באשעווע. פארוואָס זאָל איך ניט פארשטיין?

מאָזגאָוואָיער. דערפאר, וואָס דו ביסט א נעקייווע, און א נעקייווע און א הון האָבן, פארשטייסטו מיך, איין פאר־שטאנד.

באשעווע. וואָס זאָלן מיר טאָן, אז גאָט האָט אונדז אזוי באשאפן?

מאָזגאָוואָיער. פארשטייט זיך, צו גאָט קען מען קיין טײַנעס ניט האָבן. דער אייבערשטער האָט באשאפן מענטשן, דער אייבערשטער האָט באשאפן, לעהאוודל, בעהיימעס...

באשעווע. און כײַעס...



מאָזגאָוואָיער (זאָגט נאָך מאשינאל). און כײַעס... מע דארף צוגרייטן פארן מעשומעד עפּעס פארבײַסן. ער וועט דאָ באלד זײַן. ער דארף מיר, זאָגט ער, זאָגן זייער א געניטיקע זאך, זאָגט ער, אונטער פיר אויגן... איך ווייס שוין זײַנע סוי־דעס, פארברענט זאָל ער ווערן, ס'א בלוטצאפער, א פּיאווקע, א גאָראָדאָוווי אפּ מײַן קאָפּ!.. (קוקט זיך ארום). ווו איז ערגעצ עסטער?

באשעווע. דאָס קינד טוט זיך אָן... צום קנאסמאָל. אז אָך און ווײ איז איר.

מאָזגאָוואָיער (שטעלט זיך אָפּ). וואָס איז דאָס פאר א לאָשן?

באשעווע (קוקט אים ניט אין די אויגן ארײַן, טוט זיך איר ארבעט). איטלעכער רעדט אפּ זײַן לאָשן... איין קינד, איין אויג אין קאָפּ, קוים דערלעבט א נאכעס, דארף זי ארײַנפאלן אין אזעל־כע הענט...

מאָזגאָוואָיער (אָנגעצונדן). הא? ס'איז איר ניט געפעלן דער כאָסן? ווו איז זי ערגעצ? לאָמיך אקאָרשט מיט איר זיך דורכשמועסן! (וויל גיין).

באשעווע (שטעלט אים אָפּ). ווּהין איז? וואָס ווייסט זי? א ציג! בא איר איז רעכט אלצדינג... ס'איז איך זאָג, אז אָך און ווײ איז איר.

מאָזגאָוואָיער. אזוי? ס'איז דו זאָגסט אזא כאָכמע! (גייט ארום). דיר פאסט דאָס טאקע... דו זאָלסט אָבער האָבן א קלעפּקע אין קאָפּ, וואָלסטו דאָס ניט געזאָגט... דאָ גייט ניט, פארשטייסטו מיך, אין געלט, דאָ גייט ניט אין קאָוועד; דאָס איז א זאך, וואָס די גאנצע שטאָט הענגט אָפּ אין דעם. די גאנצע שטאָט איז איצטער בא אידלען אין די הענט. וואָרעם אז אידל וויל, איז דער אויצער אן אויצער, און אז אידל וויל ניט, איז דער אויצער אויס אויצער... (שטעלט זיך אָפּ, ווײַזט אפן שטערן). דו פארשטייסט דאָס כאָטש מיטן קאָפּ, צי ווער־וואָס?

באשעווע. פאַ־שטײַנ פארשטײ איכ עס. איכ פרעג נאָר, ווו שטײט דאָס געשריבנ, אז מײַנ קינד דארפ זײַנ א קאָרבנ פאר דער שטאָט?

מאָזגאָוואָיער. איר קינד! (גײט ארומ, די הענט פארלײגט אהינטער). זי איז פונקט אזוי מײַנ קינד ווי דײַנ קינד (רעדט מיט א ניגונ). איכ בינ נאָכ עפשער געטרײַ מײַנ קינד, אזוי ווי דו, אונ פארשטײַנ פארשטײ איכ מער פונ אײַכ בײדנ. איכ, אז איכ טו עפּעס, ווײס איכ וואָס איכ טו. איכ קומ ארויס, פארשטײסטו מיכ, פונ די מאָזגאָוואָיערס. וואָס בא מיר אינ קאָפּ, איז ניטאָ בא אײַכ אינ פּיאטע.

באשעווע. וואָס עמעס איז עמעס: וואָס בא דיר אינ קאָפּ, איז ניטאָ בא אונדז אינ פּיאטע... דו פארגעסט אָבער, לײוווי, אז עסטער איז בא אונדז א באסיעכידע, אײנ אויג אינ קאָפּ... בארעכנ דיכ נאָר — אידל טאָרבע אונ אונדזער עסטערל...

מאָזגאָוואָיער (הײבט אָנ ארומשפאנענ נאָכ האסטיקער, רעדט מיט פײַער). וואָס מיר באסיעכידע? ווער מיר עסטערל? מוסער זאָגט זי גאָר מיר, נו... גוטע יאָרנ, אז לײוווי מאָזגאָוואָיער דארפ הערנ מוסער פונ א ווײַב אונ פונ א טאָכטער, זיכ לאָזנ פירנ בא דער נאָז פונ ווײַבער, נעקײוועס! (מיט קאס). ווו איז זי ערגעצ, איכ וויל זי קלאָר מאכנ, אז זי האָט אזויפיל סײכל, ווי די מאמע אירע, אונ עפשער נאָכ מיט א לויט ווינציקער! (לאָזט זיכ צו דער טיר).

באשעווע (שטעלט זיכ אימ אפנ וועג). וואָס? וווהינ? איכ זאָג דאָכ דיר, אז זי ווײסט גאָרניט... זי איז גאָט די נעשאָמע... בא איר האָסטו געפויעלט... טשעפּע זיכ אָפּ...

מאָזגאָוואָיער (רײַסט זיכ צו דער טיר). ווועמענ טשעפּע איכ? איכ טשעפּע קײנעמ נים! איכ וויל זי נאָר קלאָר מאכנ, געבנ צו פארשטײַנ מיטנ סײכל, אז דו ביסט א ייִדענע אונ זי איז א מײדל. דו ביסט א קו אונ זי איז א קעלבל. אז איר ווײסט בײדע ניט, ווער ס'האָט אײַכ געשלײערט. לאָז מיכ... (גײט צו דער טיר, באשעווע גײט אימ נאָכ).



(לײוווי מאָזגאָוואָיער, באשעווע אָפּ. א האלבע מינוט איז די סצענע לײדיק. עס עפנט זיכ די דרויסנ־טיר אונ עס שטעקט זיכ ארײַנ א שווארצער קאָפּ מיט געגרײַזלטע האָר. אפנ קאָפּ זיצט א פּאָליצײסקע היטל מיט א קאָקארדע. אפ די אויסגעבויגענע פּלײצעס א שווערד. — דאָס גאנצע אויסזענ איז ווי א ייִד פונ גאס, וואָס מע האָט אימ ארײַנגעשטעקט אינ פּאָליצײ־אוניפאָרמ).

## האלאָוועשקע

האלאָוועשקע (שטײט א קורצע ווײַלע אפ דער שוועל, קוקט זיכ ארומ אפ אלע זײַטנ. זעט ניט קײנעמ, גײט צו צומ טיש, באטראכט די פלעשלעכ מיט ווישניק, דעמ אָנגעשניטענעמ לעקעכ מיט אײַנגעמאכטס). שוינ לאנג ניט געגעסנ א ייִדיש שטיקל לעקעכ, טשעסטנאָיע סלאָוואָ... (פארזוכט א שטיקל טאָרט). דיעלאָ ראסטשודעסנאָיע! דאָס מיט א ביסל מאשקע דארפ זײַנ אײַ־ליו־ליו־מאלינא! (גיסט זיכ אָנ א גלעזל ווישניק, באטראכט דאָס בא דער ליכט). ווישניאָווקא — א ייִדישער נאפּיטאָק. לעכאיִמ, האלאָוועשקע! (קערט איבער דאָס גלעזל, פארקרימט זיכ אונ באלעקט זיכ). דיעלאָ ספּירטואָזנאָיע! (פארבײַסט מיט צוקער־לעקעכ, כראָמקעט מיט די צײנ). ייִדישער צוקער־לעקעכ מיט ייִדישנ אײַנגעמאכטס — פּראָסטאָ פּרעלעסט! אלצדינג איז בא ייִדנ טאמ־גאנײדנ. לעבנ זאָלנ די ייִדנ! מיט ייִדנ איז גאָר אנ אנדער סלוזשבע. פונ גוייִמ האָט מענ מאקעס... בא ייִדנ, פּאָ קרײַני מערי, קענ מענ זיכ פּאָזשיווענ, פּארדינענ א קערבל — דיעלאָ דאָכאָדנאָיע!.. (נעמט נאָכ א גלעזל ווישניק). זא וואשע זדאראָוויע, האלאָוועשקע! (טרינקט אויס אונ פארבײַסט). ע־כע־כע, פּראָפּאדײַ מאָיא טיעלעגא, ווסיע טשעטירע קאָליעסא!.. ווענ איכ זאָל צו מײַנ סלוזשבע ניט זײַנ געשמאדט — ע־הע־הע! (עס עפנט זיכ די דרויסנ־טיר, עס קומט ארײַנ וואָלצלאווסקי).

## וואָלצלאווסקי

וואָלצלאווסקי (באטראכט האלאָוועשקענ. האלאָוועשקע ווישט אָפּ די ליפּנ, כאפּט אראָפּ דאָס היטל, טוט דאָס א וואָרפ אפנ טיש, פארבײגט זיכ אפנ סאָלדאטישנ שטײגער, טוט א זעצ א שטיוול אינ א שטיוול).

דזיענ דאָברי, יאק סיע מאש, פּאנ מאיאָפּעס?

האָלאָוועשקע. כע־כע! דעם פּאָרעצ ליגט אינ קאָפּ מאיאָפּעס. איכ הייס האָלאָוועשקע, ניט מאיאָפּעס.

וולאָצלאווסקי. גלופּסטוואָ, פּאניע, דו ביסט א מאיאָפּעס גלייַכ מיט אלע, שאבעס, קוגל, באלעבאָסטע, כע-כע-כע!

האָלאָוועשקע. כע־כע־כע! לאָז דער פּאָרעצ בעסער פּארזוכנ א ייִדיש ביסל ווישניק, מיט פרישנ לעקעכ — דיעלאָ אפּעטיטנאָיע! (גיסט אָנ צוויי קעלישקעס). זא זדראוויע פּאנא וולאָצלאווסקיעגאָ! איכ בינ אפילע א מענטש א קאזיאָנער אונ א רוסישער, נאָר בא מיר זייַנענ אלע מענטשנ גלייַכ: וואָס רוסישע, וואָס פּאָליאקנ, וואָס ייִדנ — דיעלאָ בעזראזליטשנאָיע! (ציט אימ אויס דעמ קעלישעק). בודיעמ זדראווסטוואָוואט!

וולאָצלאווסקי. לעכאיִם, מאלכאמאָוועס! (טרינקט אויס). דו מיינסט, איכ ווייס ניט, אזעספּאָנעמ, וואָס דו טוסט דאָ? זאפּעוונע צו דער פּאנא עסטערקע. א! אפּיקוירעס! כע־כע!

האָלאָוועשקע. דער פּאָרעצ טרייַבט קאטאָוועס, כע-כע!

וולאָצלאווסקי. יאק באָגא קאָכאמ! איכ בינ קלאָר אינ די זאכנ. אמאָל בינ איכ געווענ א גרויסער קאפּאָרעס־פּרעסער. הייַנט בינ איכ שוינ אנ אלטער מאלכאמאָוועס.

האָלאָוועשקע. פּוסטיאקי! דער פּאָרעצ איז נאָכ אוי־אוי־אוי!

וולאָצלאווסקי. אמאָל, אמאָל, ניט הייַנט. הייַנט האָב איכ א באלעבאָסטע (זיפצט. עס עפנט זיכ די אינווייניקסטע טיר אונ עס קומט אריַינ לייווי מאָזגאָוואָיער. ער כאפּט אראָפּ דאָס היטל).

## מאָזגאָוואָיער

מאָזגאָוואָיער (צו ביידנ, רעדט האלב ייִדיש, האלב פּויליש). דזיענ דאָברי, פּאנו! באָרעכאבאָ, א גאסט, רעב האָלאָוועשקע! האָט איר שוינ געגומענ דאָ, ווי איכ זע, צו קאפּלעכ — זייער קלוג! באָרדזאָ! (צום פּאָרעצ). סלוזשעמ פּאנא?



(צום גאָראָדאָווי). פּאניע האָלאָוועשקע! עפּשער וואָלט איר זיכ מאטריַיעכ געווענ אפּ א ווייַלע אהינ אינ צווייטנ כיידער? דאָרט זיצט מייַנ פלוינעסטע מיט מייַנ טאָכטער. איכ דארפ דאָ ריידנ א פּאָר ווערטער מיטנ פּאָרעצ.

האָלאָוועשקע (כאפּט זיכ אופּ מיט א טענצל). אכ, פּאר־וואָס ניט? דיעלאָ כאָזייַסקאָיע... (מאָזגאָוואָיער ווייַזט אימ וווהינ צו גיינ, ער מאכט צורעכט דעמ קאָלנער, דעמ מונדיר, דאָס שווערד, כאפּט א קוק אינ שפּיגל).

(האָלאָוועשקע אָפּ)

מאָזגאָוואָיער. אקיצער, פּאניע, איכ האָב ס'פּאנעמ יודקאָ געהאקט האָלצ א גאנצנ פרימאָרגנ. א שווערער ייִד, יודקאָ! אָבער איכ האָב געפּויעלט בא אימ! באָ יא יעסטעמ מאָזגאָוואָיער, פּאניע!

וולאָצלאווסקי. כאָצי שעלי, כאָצי שעלאָכ?

מאָזגאָוואָיער. אזוי ווי מיר האָבנ גערעדט, פּאניע. איר ביידע לייגט אריַינ געלט, פּאניע, אינ געשעפט אריַינ, באָרדזאָ וועלקי אינטערעס, אנ אויצער, פּאניע, מע דארפ גראָבנ, זוכנ, טעגאָ, וועגאָ, עס קאָסט געלט, פּאניע!.. אונ דערפאר האָט איר ביידע דעמ גרעסטנ כיילעק, פּאניע!.. עפּשער וועט דער פּאָרעצ פּארזוכנ א שטיקל פיש, ייִדישע פיש, געפילטע, ס'פּערצעמ, פּאניע!..

וולאָצלאווסקי. דאָבזשע, דאָגימ פיש ליעפּיע, יאק טיסיאָנצע מאיאָפּעס...

מאָזגאָוואָיער (לויפט צו דער אינווייניקסטער טיר, הויכ). באשעווע! עסטער! הייסט זעלדענ, זי זאָל די רעגע אריַינטראָגנ אפּ א שיינער טאצ א שטיקל פיש פארנ פּאָרעצ! מיט כריינ! מיט קוילעטש! (עס הערט זיכ באשעוועס קאָל פונ אינווייניק: באלד, באלד!).

מאָזגאָוואָיער. מאָזגאָוואָיערס פיש, פּאניע, האָבנ א שעמ אפּ דער וועלט! אפּ דער גאנצער וועלט!..

וולאָצלאווסקי. טאק, טאק, זאָגזשע מיר נאָר, פּאַ־

ניע לייווי, דו ביסט דאָך א ייִד א קופּעץ. דײַנ יודקאָ, אז ער וועט געפינען דעם „סקארב״, וועט ער ניט מאכנ כאַפּעס?..

מאָזגאָוואָיער. כאסוועכאָלילע, פאניע! און ווו בינ איכ? יודקאָ, פאניע, האָט כאסענע פאר מײַנ טאָכטער. דער פּאָרעץ ווייסט, אז איכ וועל דעם פּאָרעץ כאסוועשאָלעם ניט פארפירנ, פאניע, באָ יא יעסטעם לייווי מאָזגאָוואָיער, פאניע!

(עס קומט זעלדע מיט די פיש. שטעלט אוועק די טאצ).

## זעלדע

זעלדע. אָט זײַנענ די פיש, און אָט דער קוילעטש; קיינ כריינ איז ניטאָ. דאָס הייסט, ס'איז דאָ כריינ, נאָר ס'איז ניטאָ ווער עס זאָל אים אָנרײַבנ. א גאנצ טאָג פונ קאיאָר איז מענ פארטארעראמט מיטנ קנאסמאָל, באקנ און קאָכנ, און בראָטנ, און רײַבנ, און שײַערנ. איינ מענטש אליינ, מע קאָנ זיכ ניט צערײַסנ, און קיינ צענ פאָר הענט האָב איכ אויכ ניט...

מאָזגאָוואָיער (צו זעלדענ). נו, גייט, גייט געזונטערהייט!

זעלדע. איכ גיי, איכ גיי, וואָס דענ? איכ שטיי? (א רײַב מיטנ עלנבויגנ, א קלאפּ מיט דער טיר).

(זעלדע אָפּ.)

וואָלאָצלאווסקי (נעמט זיכ צו די פיש מיט גרויס אפּעטיט). סלוכײַ נאָ, אפּיקוירעס, דאָס, וואָס דו זאָגסט, אז איכ טייל זיכ מיט פאנעמ יודקאָ אפ דער העלב, כאָצי שעלי, כאָצי שעלאָכ — דאָס נעמ איכ אָנ. נאָר ארײַנלייגנ געלט אפ גראָבנ און זוכנ — דאָס וויל איכ ניט, דזינקויע בארדזאָ!

מאָזגאָוואָיער (טוט א שפּרונג אופ). צאָ פאנ מאָוויע? פּאָרעצעניו, כילעלאשעם, יאק באָגא קאָכאם!..

וואָלאָצלאווסקי (נעמט אים פאר א האנט). סיאדײַ, פאנ לייווי. וואָס זאָרגסטו זיכ אזוי פאר פאנ יודקאָ? דער דזיאבלאָ וועט אים ניט נעמענ! דו פאָלג מיכ, מאכ א שווײַג, וואָרעמ



אז ניט, רופ איכ ארויס דעמ פאנ גראביע פונ מאָנטעקארלאָ, נעמט ער צו דעמ אויצער מיטנ בעסוילעמ, מיט אײַכ אלע מאיאָפּעסע, מיט די בעבעכעס!..

מאָזגאָוואָיער (באטראכט דעמ פּאָרעצ, האלט זיכ באמ באָרד, קלערט עפּעס). אזוי?.. דער פּאָרעצ, הייסט דאָס, וויל האָבנ א גלײַכנ כיילעק מיט פאנ יודקאָ אינעמ אויצער, פאניע, נאָר ס'זאָל אים קיינ געלט ניט קאָסטנ?

וואָלאָצלאווסקי (שאָקלט מיטנ קאָפּ, עסט די פיש). טאק, טאק.

מאָזגאָוואָיער. דער פּאָרעצ איז גערעכט, יאק באָגא קאָכאמ. בא מיר האָט דער פּאָרעצ געפּויעלט. איכ וועל איבעריידנ מיט פאנ יודקאָ, פאניע, אזוי און אזוי...

וואָלאָצלאווסקי (ווישט זיכ אָפּ). ניט נאָר איבעריידנ, נאָר ארויסגעבנ מיר אפ פּאפּיר, כאָצי שעלי, כאָצי שעלאָכ — כע־כע! (דערלאנגט א קיצל מאָזגאָוואָיערנ אינ זײַט ארײַנ). און אונ־טערשרײַבנ זאָלט איר מיר ביידע ארבעקאנפּעסע, כע־כע! (שטייט אופ, מאָזגאָוואָיער שטייט אויכ אופ). וואָס טוט דאָ בא דיר אָט דער מאלכאמאָוועס? (ווײַזט אהינ, ווו האָלאָוועשקע איז ארײַנגעגאנגענ).

מאָזגאָוואָיער (טוט א מאכ מיט דער האנט). אָט דאָ ליגט ער מיר שוינ! (ווײַזט מיט דער האנט אפּנ האלדז).

וואָלאָצלאווסקי (ווײַזט אים מיט דער האנט, וויאזוי ער זאָל נעמענ האָלאָוועשקענ און ארויסוואַרפנ פונ דער טיר).

מאָזגאָוואָיער (פארשטאנענ די מימיק). זאָל גאָט שוימער־אומאצל זײַנ, פאניע! (רעדט שטיל דעמ פּאָרעצ אפּנ אויער). אָט דער האָלאָוועשקע איז די פערטע האנט פונעמ קייסער.

וואָלאָצלאווסקי. יאק טאָ?

מאָזגאָוואָיער (שטיל אפּנ אויער). האָלאָוועשקע, דער גאָ־ראָדאָווױ, פאניע, קענ זיכ מיטנ איספּראווניק, דער איספּראווניק, פאניע, קענ זיכ מיטנ גובערנאטאָר, און דער גובערנאטאָר, פא־ניע, פּאָרט צומ קייסער...

וואָלאָצלאווסקי (ציט אויס דאָס פּאָנעמ, גלאָצט אויס די אויגנ, צענעמט די פינגער). מאיעש ראצע!.. (גיט מאָזגאָוואָיערנ די האנט). דאָ־

ווידזעניא, קאָכאני לאפסערדאקו!.. כע־כע זאפאמיענטוי, כאָצי שעלי, כאָצי שעלאָכ... כע-כע! (מאָזגאָוואָיער בייגט זיך, באגלייט אים ארויס).

(וואָלאָצלאווסקי אָפּ. פון דער אינווייניקסטער טיר קומט **האָלאָוועשקע**).

## האָלאָוועשקע

**האָלאָוועשקע** (קוקט זיך ארום). אוועקגעגאנגען דער פּיד־פּאניק? איך קען זיי ניט טיערפּען, אָט די כוואסטוניאַקעס. וואָס טוט ער בא אײַך, נאפרימער?

**מאָזגאָוואָיער.** פּליאקע מיט די וואָנצעס! ער וויל מיר אײַנריידן א קינד אין בויך, אז דער אויצער געהער, זאָגט ער, צום גראף, דער גראף, זאָגט ער, איז באלעבאָס אף דער שטאָט און אפן בעסוילעם און אף אונדז אלעמען.

**האָלאָוועשקע.** ווריאָט קאק סאָבאקא! די שטאָט מיטן בעסוילעם מיט אײַך אלעמען געהער ניט צום גראף, נאָר צו קאזנא!

**מאָזגאָוואָיער.** נאָך איידער דער גראף האָט פארקויפט די שטאָט צו קאזנא?

**האָלאָוועשקע.** נאָך איידער דער גראף איז געבוירן געוואָרן. און אפילע אײַער גראף אליין געהער אויך צו קאזנא. דיעלאָ קאזיאָנאָיע!..

**מאָזגאָוואָיער.** אזוי גאָר?.. זיצט, פארוואָס זיצט איר ניט? עפשער וועט איר נעמען נאָך א קאפל, פאניע האָלאָוועשקע? (וויל אים אָנגיסן).

**האָלאָוועשקע** (האלט צו מיט דער האנט, לאָזט ניט אָנגיסן, זעצט זיך אוועק). פּאָקאָרנאָ בלאגאָדאריו. איך האָב שוין גענומען דרײַ קאפּלעך. איך האָב מיט אײַך צו ריידן, פאניע מאָזגאָוואָיער, אן ערנסטן ראזגאָוואָר. דיעלאָ סעריאָזנאָיע (קוקט זיך ארום).



**מאָזגאָוואָיער** (רוקט זיך צו צו אים). וועלן מיר הערן. האָט קיין מוירע ניט, קיין פויגל הערט אונדז ניט.

**האָלאָוועשקע.** דיעלאָ סליעדוויושטשעיע: איר ווייסט דאָך, אז איך בין א מענטש אן אָטקראָווענע; בא מיר „טשטאָ נא דושע, טאָ נא יאזיקע". איך האָב כאראָטע אפן גאנצן געשעפט; איך אָטקאזעווע זיך פון מײַן אוטשאסטיע אינעם אויצער.

**מאָזגאָוואָיער** (אומרויִק). וואָס הייסט? איך פארשטיי ניט פארוואָס? וואָס ארט אײַך, אז מע גיט אײַך א כיילעק אין אויצער? עס קאָסט אײַך געלט?

**האָלאָוועשקע.** סאָוערשענאָ ווערנאָ! גייט אָבער ארײַן אין מײַן פּאָלאָזשעניע: איך בין א מענטש א קאזיאָנע; איך דין בא קאזנא, בין איך אָבאָוויאזאן אָכראניאיען די אינטערעסן פון קאזנא. אײַער אויצער, ליובעזניעישי, געהערט צו קאזנא. איך האָב מוירע, א קאשע אף א מײַסע, טאָמער דערגייט עס צום איספראווניק, פונעם איספראווניק צום גובערנאטאָר — ווער ווערט אָטוועטשאיען? האָלאָוועשקע! האָלאָוועשקע איז קאזנא, קאזנא איז האָלאָוועשקע. דיעלאָ אָטוועטסטוועננאָיע!

**מאָזגאָוואָיער.** אלקיין, וואָס זשע ווילט איר?

**האָלאָוועשקע.** גאָרניט, איך וויל דאָלאָזשען מײַן נאַטשאלסטוואָ וועגן אויצער.

**מאָזגאָוואָיער** (טוט א שפרונג אונטער). גאָט איז מיט אײַך, פאניע, וואָס רעדט איר דאָס?

**האָלאָוועשקע.** אָט דאָס, וואָס איר הערט. דיעלאָ יאסנאָיע.

**מאָזגאָוואָיער** (קאָן ניט ריידן, ווארט איבער א מינוט, קוקט האָלאָוועשקען אין פּאָנעם ארײַן). ווילט איר, הייסט דאָס, פאניע, קוילען? אפּקוילען א גאנצע שטאָט? זאָגט זשע אזוי! נעמט א מעסער און קוילעט! וואָס האָט איר באדארפט אזוי לאנג ציִען, פארשטעלן זיך פאר א גוטן־פרײַנט?.. (פּויזע. ביידע שווײַגן. בײַט איבער דעם טאָן רעדט מיט טאכנונים). פאניע האָלאָוועשקע? איך ווייס דאָך, וואָס אײַך קוועטשט: איר ווילט אוואדע א הויסאָפּעלע... ס'איז אײַך קארגלעך... (קוקט אים אין די אויגן). זאָגט... איר ווייסט דאָך, אז

מיט מיר מאַכט מען אָלצדינג, און גיך — איינס, צוויי, דריַ, — איך הייס לייווי מאָזגאָוואָיער!

האָלאָוועשקע (ברעקלט זיך א ווײַלע, קוקט אַפ די שפּיץ פיס, אַפ די נעגל, הוסט אין קולאַק אַרײַן). גיט מיר אײַער האַנט טקיעס־קאַפ, דיעלאָ סאָוועשנאָ סעקרעטנאָיע!..

מאָזגאָוואָיער (ציט אים אויס די האַנט). אָט דאָס האָט איר א טקיעס־קאַפ פון לייווי מאָזגאָוואָיער. מאָזגאָוואָיער, אַז ער שטעקט אויס א האַנט, — איז קידעש! דאָס ווייסט איר?

האָלאָוועשקע. לאַדנאָ. איך פריסטופּאיע ק׳דיעלו. בא מיר איז אויך ווי בא אײַך: ראַז, דוואַ, טרי. איך וויל ווערן צוריק א ייִד און דאַרף האָבן אײַער פּאָמאָשטש.

מאָזגאָוואָיער (אופגעלעבט, גאָר אַן אַנדער מענטש). אָך! מיטן גרעסטן קאָוועד! זעט איר — דאָס איז שיין פון אײַער זײַט! אויסגעצייכנט! ווי איר זעט מיך א ייִדן! איך האָב אָבער וויפל מאָל געזאָגט צו מײַן ווײַב: באַשעווע, זאָג איך, אונדזער האָלאָוועשקע, זאָג איך, האָט אין זיך, זאָג איך, א ייִדישע נעשאָמע. וואָרעם, זאָג איך, א מעשומעד, זאָג איך, וואָס רעדט, זאָג איך, העכער האַלב ייִדיש, זאָג איך, און וואָס עסט, זאָג איך, שא־בעס קוגל און פּייסעך מאַצע־קניידלעך, — אַזא מעשומעד, זאָג איך, איז קיין מעשומעד ניט!

האָלאָוועשקע. דיעלאָ פּאָניאַטנאָיע! עס ציט מיך צוריק צום קאָריען.... מעזשדו פּראָטשים, דאַרפט איר וויסן, פּאַניע לייווי, אַז איך בין ניט קיין קטאָ ניבוד, איך בין, איזוואָלטיע ווי־דעט, א טאַטנס א קינד. מײַן טאַטע איז געווען א גראָבאָוושטשיק אַפ א קלאַדבישטשע. ער האָט געהייסן מענדיק דער באַגרע־בער, אים האָבן געקענט אַלע און אַלע האָבן פאַר אים מוירע געהאַט. וואָרעם ער איז געווען א מוירעדיקער סילאַטש! דעם גרעסטן פּאָקויניק פלעגט ער געבן א נעם אָט אַזוי־אָ! (ווײַזט מיט די הענט, לייווי מאָזגאָוואָיער רוקט זיך אָפּ). ער האָט קיין מוירע ניט געהאַט פאַר א טויטן! וואָ וורעמיא כאָליערע איז ער גע־שלאָפן איינער אַליין מיט צען פּאָקויניקעס!



מאָזגאָוואָיער (שאָקלט מיטן קאָפּ). אַזוי, אַזוי? ער איז גע־ווען, אַפּאָנעם, א יונג מיט ביינער! אַקיצער, אַקעגן וואָס, הייסט דאָס, איז דאָס געקומען צו רייד? אַקעגן דעם, וואָס איר האָט כיישעק אָנעמען צוריק דעם ייִדישן גלויבן:... איר האָט זיך פאַרבענקט, הייסט עס, נאָך ייִדן?.. מאַכטייסע, פײַן! זייער, זייער פײַן! אָבער טאַקע וואָס פײַן הייסט!

האָלאָוועשקע. איר מיינט, איך האָב מיך געשמאַדט מיט מײַן אייגענער זשעלאַניע? מיך האָט מען געשמאַדט אין דער סלו־זשבע... מעזשדו פּראָטשים, דינען בין איך ניט געגאַנגען אַליין דאָבראָוואָלנע. מיך האָט מען אָפּגעגעבן פאַר א סאָלדאַט פּראָ־טיוו זשעלאַניע. איך האָב ניט געוואָלט, מײַן טאַטע האָט אויך ניט געוואָלט... אַז מע האָט מיר אָנגעטאָן די סיערע שינעל, האָט מיר מײַן טאַטע אָנגעזאָגט עטלעכע מאָל: כאַיִם־בער — אַזוי איז מײַן ייִדישער נאָמען — איינס זאָלסטו געדענקען — אַז דו ביסט א ייִד!

מאָזגאָוואָיער (קוויקט זיך). איך זאָג אײַך, הערט איר, רעב כאַיִם־בער, אַזוי, דאַכט מיר, איז אײַער ייִדישער נאָמען? איאָ? איך שווער אײַך בענעמאָנעס, איר זײַט געוואָרן בא מיר מיט צען קאָפּ העכער! באַרעכנט אײַך, הײַנטיקע צײַטן, זאָל נעמען א גוי מיט א פאַרנאָסע, א גאָראָדאָוווי, כ׳לעבן, און זאָגן, אַז ער וויל ווערן צוריק א ייִד, דאָס הייסט, פאַרשוואַרצט ווערן, ליגן נײַן איילן אין דער ערד, אָכינו אַטאָ — לאָמיר זיך צע־קושן! (כאַפּט אים אַרום קושן). און לאָמיר נעמען צו ביסלעך מאַשקע (גיסט אָן צוויי גלעזלעך). הערט איר, רעב כאַיִם־בער, אַזוי, דאַכט זיך, איז אײַער ייִדישער נאָמען? אַצינד מעג איך שוין אָנטאָן דאָס היטל. לעכאַיִם! די גאַנצע שטאָט וועט אײַך זײַן צו הילף... מיר אַלע וועלן אײַך שטיין אין אײַערע נויטן... דאָס טעלערל פון הימל! לעכאַיִם! לאָמיר זײַן געזונט און לאָמיר טאַקע זײַן ייִדן! (טרינקט אויס און פאַרבײַסט).

האָלאָוועשקע. אָט דאָס וויל איך טאַקע. איך מיין, אַז וויבאַלד דער אויצער וועט זיך געפינען, זאָל מען מיר געבן נאָ ראַסכאָדי און מע זאָל מיך אַריבערפעקלען קיין ערעצ־

ייִסראָעל, און דאָרטן וועל איך מיר ווערן א ייִד און וועל מיר שוין פארבלײַבן, ווי זאָגט מען, דאָ גראָבאָווי דאָסקי...

מאָזגאָוואָיער. אָמיין. גלייבט מיר, רעב כאַים־בער, איר וועט בא אונדז האָבן א לעווייַע, ווי לעהאוודל, א גוטער־ייִד, ווי א באלשעם! מיט געזאַ׳ג וועלן מיר אייַך ארויסבאג־לייטן, מיט קלעזומער!

האָלאָוועשקע. פּאָקאָרנאָ בלאגאָדאריו. איך וויל אָבער פריִער כאסענע האָבן. דאָס הייסט, פריִער וויל איך ווערן א ייִד און נאָכדעם כאסענע האָבן און אוועקפאָרן קיין ערעציִס־ראָעל שוין א באווייַבטער. דיעלאָ סעמיינאָיע.

מאָזגאָוואָיער. מיר וועלן אייַך כאסענע מאכן! מיר וועלן אייַך געבן א ייִדענע אן אלמאָנע, אָדער א גרושע, א געראָטענע, א קאָשערע...

האָלאָוועשקע. פּאָקאָרנאָ בלאגאָדאריו. איך בין אָבער פּראָטיוו אן אלמאָנע און פּראָטיוו א גרושע. איך וואָלט בעסער וועלן א מיידל, און דאפקע א קראסאוויצע, דיעלאָ ווקוסא...

מאָזגאָוואָיער. אויך געפויעלט! בא מיר פירט איר אויס אלצדינג. מיר וועלן אייַך געבן א מיידל, מיר וועלן אייַך געבן א קראסאוויצע, ווי איר זאָגט. מייַן קעכן זעלדע קענט איר? האָט זי א מיידל, גאָלדע הייסט זי, איז זי שיין, טאקע נאָר ווי א שטיק גאָלד... זי איז אפילע שוין קעמוי ווי א קאלע, דאָס הייסט, עס בלאָנקעט זיך ארום איר א כאָסן, זימל דעם שוס־טערס זון, אפילע אזוי נישקאָשע פון א באָכערל, נאָר ווער הערט אים?

האָלאָוועשקע. פּאָקאָרנאָ בלאגאָדאריו. איך האָב שוין פּאָטשטי א קאלע, דאָס הייסט, איך האָב אווו ווידו א מיידל, א קראסאָטקע, מעזשדו פּראָטשים!..

מאָזגאָוואָיער. הערסטו? נו, וואָס זשע שווייַגט איר? קומט דאָך אייַך מאזלטאָוו! (דריקט אים די האנט). לאָז גאָט געבן, ס׳זאָל זייַן מיט גליק און מיט האצלאָכע, ווי איר ווינטשט אייַך אליין!.. (דרייט אויס דעם קאָפּ צו דער אינוווייניקסטער טיר). באשעווע!



עסטער! (פארכאפּט זיך). טפו! וואָס טו איך? איך האָב גאָר פארגעסן, אז ס׳איז א סאָד, וואָס נאָר איך און איר און גאָט...
(רייַבט א האנט אָן א האנט). אקיצער, אז איר האָט מיר שוין יאָ פארטרויט אזא הייליקן סאָד, וואָלט איר מיר שוין אין איינ־וועגס געזאָגט, ווער איז דאָס מיידל? ווי אלט איז זי? און צי האָט זי טאטע־מאמע?.. אָדער עפּשער פּאסט אייַך ניט זאָגן, נויט איך אייַך ניט. איך בין ניט אזא מענטש, פארשטייט איר מיך, איך בין פון די מאָזגאָוואָיערס...

האָלאָוועשקע. נאפּראָטיוו! אייַך זאָג איך ס׳באָלשים אודאָוואָלסטוויִעם. דאָס מיידל הייסט עסטער, און איר פּאָטער רופט מען רעב לייווי מאָזגאָוואָיער, פון די מאָזגאָוואָיערס...

מאָזגאָוואָיער (איבעראשט ווי פון א דונער, כאפּט זיך אויף און זעצט זיך אוועק צוריק). איר האָט, אפּאָנעם, ניט פון וועמען צו כויזעק מאכן? צי וואָס? וואָ־וואָ־וואָס בי׳ן איך אייַך, א ייִנגעלע, וואָס איר טרייַבט קאטאָוועס?

האָלאָוועשקע. קאטאָוועס? בּוֹזשע אופּאסי! איך האָב פייַנט טרייַבן קאטאָוועס. דיעלאָ סעריאָזנאָיע!..

מאָזגאָוואָיער. אויב אזוי, פארשטיי איך ניט, צי איר זייַט דול? צי איר זייַט מעשוגע? צי איר זייַט כאָסערדייע? צי איר זייַט גלאט אזוי פונעם זינען? וואָ־אָ־וואָס רעדט איר? איר הערט, וואָס איר רעדט? איר?!... האָלאָוועשקע דער גאָראָ־דאָווי?!... און מייַן טאָכטער?!... די טאָכטער פון לייווי מאָז־גאָוואָיער?!... כא־כא־כא־כא!

האָלאָוועשקע (באליידיקט, שטייט אוף, פארשפּילעט דעם מונדיר אף אלע קנעפּ). ווילט איר ניט? — קאק וואם אוגאָדנאָ! וואָס דארף מען אזוי לאכן? נאסילו מיל ני בודיעש... איך גיי מיר גלייַך צו מייַן נאטשאלסטווע. איך וועל זיי געבן א דאָקלאד וועגן אויצער, טאק אי טאק, לאָזן זיי זיך טאָן, וואָס זיי ווילן. דיעלאָ קאזיאָנאָיע (וויל גיין).

מאָזגאָוואָיער (האלט אים אָפּ). וואָס כאפּט איר זיך? האָט צייַט. איך וויל אייַך עפּעס זאָגן. איך... איך... איך פארשטיי

ניט. איכ ווײ־ווײ־ווייס ניט, מיט וואָס מע עסט דאָס... איר האָט מיר דערלאנגט מיט א דובניע איבערנ קאָפּ!.. איר האָט מיר געגעבנ עפּעס א פּאָר ארײַנ מיטאמאָל, אז איכ ווייס ניט, ווו איכ בינ אינ דער וועלט!..

האָלאָוועשקע. איכ ווייס ניט, וואָס איז דאָ צו פארשטיינ, דיעלאָ אָביקנאָווענאָיע. מיט וואָס בינ איכ ערגער פונ אָט דעמ ראָסטאָוושטשיק טאָרבע? א טאטנס א קינד בינ איכ אזוי ווי ער. אינ סייכל וועלנ מיר זיכ אויכ אויסגלײַכנ. אינ יאָרנ — טיעמ באָליע. בלײַבט איבער נאָר איינ זאקאָוויקע: וואָס איכ בינ געשמאדט? — ווער איכ דאָכ צוריק א ייִד... מעזשדו פראָטשימ, ווי איר פארשטייט. זשעלאיו זדראווסטווואָוואט (לאָזט זיכ גיינ).

מאָזגאָוואָיער (האלט אימ צו). וואָס אײַלט איר זיכ אזוי? לאָמיר זיכ נאָר אוועקזעצנ אונ באטראכטנ די זאכ ארומ אונ ארומ (זעצט זיכ אוועק). ערשטנס, איז מײַנ טאָכטער שוינ קימאט א קאלע — ווייסט איר דאָכ...

האָלאָוועשקע. דיעלאָ איזוועסטנאָיע. דערפאר בינ איכ געקומענ, ווי אנ אָפּגעבריטער. איכ האָב שוינ לאנג אנ אויג אפ אײַער טאָכטער, נאָר זאָגנ האָב איכ גיט געקענט. דיעלאָ דעליקאטנאָיע... מעזשדו פראָטשימ, איכ האָב געהערט, אז מע רעדט אײַכ אידל דעמ כאלפנ, נאָר איכ האָב ניט געגלייבט. ביז איכ האָב דערהערט, אז ס'איז א קנאסמאָל...

מאָזגאָוואָיער (כאפּט זיכ אָנ ווי אינ א שארפּ פונ א שווערד). נו, זעט איר דאָכ אליינ, אז ס'איז, אפּאָנעמ, אזוי באשערט, א פארפאלענע זאכ...

האָלאָוועשקע (קוקט אימ אינ די אויגנ ארײַנ). פּאָנאפראסנע זאָגט איר דאָס! אינ שטאָט האלט מענ אײַכ פארנ גרעסטנ כאָכעמ, מעזשדו פראָטשימ, רעדט איר אזעלכע גלופּאָסטי! ווי קומט דאָס גאָר צו אײַכ, רעב לייווי מאָזגאָוואָיער? — אײַ־אײַ־אײַ!..

מאָזגאָוואָיער (אונטערגעקויפּט). איכ וועל אײַכ זאָגנ, ס'איז צו פלוצעמ, אומגעריכט. איכ האָב ליב א זאכ באטראכטנ פונ אלע זײַטנ. די מאָזגאָוואָיערס האָבנ פײַנט כאפּ־לאפּ אפּ



איינ פוס... מיט דעמ כאלפנ, פארשטייט איר מיכ, איז א ביטערע מײַסע. בא אימ אינ האנט ליגט די גאנצע שטאָט אָט אזוי־אָ (ווײַזט מיט דער האנט). פארגעסט ניט, ער איז דער באלעבאָס פונ דעמ אויצער! וויל ער, איז דער אויצער אנ אויצער; וויל ער ניט — איז אויס אויצער!.. אדעראבע, קלערט איר עפּעס צו, טאָמער האָט איר א גלײַכנ געדאנק? איר זײַט דאָכ אויכ עפּעס א מענטש מיט פארשטאנד?..

האָלאָוועשקע (אונטערגעקויפּט). דיעלאָ פּאָפּראווימאָיע. איר האָט דאָכ נאָר מוירע, טאָמער פײַפט אײַכ אידל אָנ אינעמ אויצער? פײַפט איר אָנ אימ! דיעלאָ קאָמערטשעסקאָיע!

מאָזגאָוואָיער (עפנט אופ די אויגנ). דעהײַנע? קעדוימע לעמאָשל נאפרימער?

האָלאָוועשקע. נאפרימער? (רעדט מיט א ניגנ). איר מאכט אײַכ א קנאסמאָל. לאָז זיכ טאָרבע אוטעשאיענ, אז אײַער טאָכטער איז זײַנ קאלע. מעזשדו פראָטשימ, לאָז ער אויסגראָבנ דעמ אויצער, וועלנ מיר זיכ מיט אימ טיילנ, אונ אז מיר וועלנ ארײַנלייגנ דאָס נאליטשנאָסט אינ קעשענע, וועלנ מיר מאכנ נאלעוואָ קרוגאָמ — אונ רופ מיכ קנאקניסל!.. דיעלאָ פראָסטאָיע...

מאָזגאָוואָיער (קוקט די גאנצע צײַט האָלאָוועשקענ אינ די אויגנ ארײַנ; דער מויעכ בא אימ ארבעט; כאפּט זיכ אופ). הערט איר, פאניע, וואָס איכ וועל אײַכ זאָגנ? איר זײַט ניט נאָר א ייִד א מעשומעד, מיר דאכט, איר זײַט א מאמזער אויכ!

האָלאָוועשקע. פּאָקאָרנאָ בלאגאָדאריו!

מאָזגאָוואָיער. איכ זאָג עס אָנ א שומ כניפע. די מאָזגאָוואָיערס האָבנ פײַנט כניפע. אײַער פּלאנ איז מיר ארײַנ אינ נאָז ארײַנ. וואָס מער איכ צעקײַ אימ, געפינ איכ אינ אימ מער טאמ, ווי איר זעט מיכ א ייִדנ! איכ געפינ, אז איר זײַט א מענטש א בארדאס מיט א גלײַכנ קאָפּ... איר האָט אינ זיכ, פארשטייט איר מיכ, גוטע אײַנפאלנ! דאָס זאָגט אײַכ לייווי מאָזגאָוואָיער.

האָלאָוועשקע (שטארק אונטערגעקויפּט). פּאָקאָרנאָ בלאגאָדאריו! פארגעסט ניט, אז איכ בינ געווענ, מעזשדו פראָטשימ,

אונטער סעוואסטאָפּאָל און האָב א בלאגאָדארנאָסט פונעם קייסער... (גלײַכט זיך אויס, באָכערט זיך).

**מאָזגאָוואָיער.** דאָס זעט מען באלד נאָך די ערשטע דרײַ ווערטער...

**האָלאָוועשקע.** אײַער האנט! (מאָזגאָוואָיער ציט אים אויס א האנט). דיעלאָ קאָנטשענאָ?

**מאָזגאָוואָיער.** א וואָרט איז א וואָרט. איך הייס לייווי מאָזגאָוואָיער.

**האָלאָוועשקע.** מעזשדו פראָטשימ, עס דארף זײַן א סאָד. נאָר איך און איר...

**מאָזגאָוואָיער.** און גאָט א דריטער...

**האָלאָוועשקע** (טראכט א ווײַלע). מעזשדו פראָטשימ, ס'איז דאָ נאָך א זאקאָוויקע.

**מאָזגאָוואָיער.** וואָס נאָך?

**האָלאָוועשקע.** נאפּרימער, פונוואנען בין איך באוואָרנט, אז איר וועט מיר ניט ארויסשטעלן נאָכדעם א גרויסע פײַג? דיעלאָ קאָמערטשעסקאָיע...

**מאָזגאָוואָיער.** ע! האָט קיין פאריבל ניט, וועב כאימבער, אזוי, דאכט זיך, איז אײַער ייִדישער נאָמען? דאָ רעדט איר שוין ווי א גוי... איר האָט פארגעסן, מיט וועמען איר האָט א געשעפט. מײַן נאָמען איז לייווי מאָזגאָוואָיער.

**האָלאָוועשקע.** איך ווייס, דיעלאָ פאָ דיעלאָם א סוד פאָ פאָרמיע. מאכט מען א געשעפט, דארף עס זײַן פאָ זאקאָנו. איך דארף האָבן פון אײַך אן אָבעזפּעטשעניע...

**מאָזגאָוואָיער.** וואָס איז שײַעך? אדעראבע, זאָגט, איך בין גרייט מיט קאָל האבאוואָרענישן שעבאָוילעם. בא מיר איז ניטאָ קיין פליגן אין נאָז... בא מיר וואָס געזאָגט, איז געזאָגט...

**האָלאָוועשקע.** איר דארפט מיר ארויסגעבן אפ פאפיר א באוואָרעניש, אז איר אָטוועטשאיעט מיט אײַער טשאסט פּונעם אויצער נא אָסנאָוואניע פּרינאדלעזשאשטשיך וואם פּראוו פאָ זאקאָנו ווסלוטשאיע יעזשעלי...



**מאָזגאָוואָיער.** וואָס? וואָס? וואָס? כאפּט נאָר ניט אזוי! דאָס איז א זאך, וואָס מע דארף עס גוט באקלערן! (רײַבט זיך דעם שטערן). ווייסט איר גאָר וואָס? קומט ארײַן מיט מיר אהין, וועלן מיר זיך דאָרטן אוועקזעצן און צעשרײַבן זיך. דאָ קאָן מען אונדז איבערשלאָגן. עס דארפן באלד אָנקומען געסט... (גייען ביידע אין צווייטן צימער). איך בין א מענטש, וואָס איך האָב ליב יעדע זאך באקלערן אקוראט...

**האָלאָוועשקע.** דיעלאָ קאָמערטשעסקאָיע...

(מאָזגאָוואָיער, האָלאָוועשקע אָפּ. עס קומט אָן באשעווע מיטן איבעריקן געפּעס)

## באשעווע

**באשעווע** (שטעלט אויס דאָס געפּעס, צינדט אָן די איבעריקע לאָמפּן). זינט עס האָט זיך באוויזן דער אויצער, האָט זיך אָנגעהויבן בא אים א סעדרע פון סוידעס און סוידעס און סוידעס. מיט איטלעכן באזונדער האָט ער סוידעס: מיט אידלען סוידעס, מיטן פּאָרעץ סוידעס, מיטן מעשומעד אויך סוידעס... גאָט ווייסט, אפ וואָס מע קאָן אים ארופירן... און דאָס קינד נעבעך וויינט, גיסט ווי א בערעזונע... (פארטראכט). דאָס הארץ איז מיר אזוי... א מאמעס הארץ... מײַן שוועסטערס זון זאָל איצטער קומען, וואָלט איך אים צעריסן!.. (עס קומט ארײַן פון קיך זעלדע).

## זעלדע

**באשעווע.** וואָס איז שוין ווידער, זעלדע?

**זעלדע.** גייט, וועט איר הערן, וואָס פּעסיע דערציילט זיך אָן פונעם אויצער. מע האָט געזען, זאָגט זי, נעכטיקע נאכט א פארע, אזא מין רויך פון יענעם אָרט, וווּ דער אויצער ליגט...

באשעווע. אָט דאָס זײַט איר געקומענ מיר דערציילנ אצינד בעשאס קנאסמאָל? קיינ אנדער ארבעט האָט איר ניט?

זעלדע. כאזלטאָוו! איכ טו דענ ניט מײַנ ארבעט? איכ בינ נאָר געקומענ זאָגנ אײַכ, וואָס מע זאָגט וועגנ אויצער...

באשעווע. וואָס זײַט איר פארקאָכט אינעם אויצער מער פונ אלע ייִדנ? עס וועט קומענ די צײַט, וועט מענ אײַכ אליינ זאָגנ...

זעלדע. שווער צו ווארטנ, אז מענ איז א ייִדענע אנ אלמאָנע אונ מע דארפ כאסענע מאכנ א טאָכטער אונ ס'איז ניטאָ מיט וואָס... (פויזע). באלעבאָסטע, איכ האָב צו אײַכ נאָכ א זאכ...

באשעווע. וואָס נאָכ פאר א זאכ?

זעלדע. מאלאניע די גויע האָט זיכ געבעטנ, איכ זאָל אײַכ זאָגנ. זי טראָגט שוינ אזא צײַט וואסער פאר דער שטאָט, זאָגט זי, אונ איר טראָפּים, זאָגט זי, הייצט אינ באָד פונ די ייִדנס וועגנ... מע האָט זיי קיינמאָל, זאָגט זי, ניט געכאפּט אינ קיינ גנייווע... זיי גייענ ביידע נאקעט אונ באָרוועס... זי איז איצט אינ קיכ, מאלאניע...

באשעווע. נו, וואָס זשע וויל זי? מײַנע צאָרעס? גיט איר א גלעזל בראָנפנ (וויל אָנגיסנ א גלעזל ווישניק).

זעלדע. ניינ, ניט דאָס מיינט זי. זי בעט, עפשער איז מעגלעכ, איר זאָלט כויעלנ באם באלעבאָס פונירטוועגנ אויכ א שטיקל כיילעק...

באשעווע א כיילעק אינ וואָס?

זעלדע. וואָס הייסט אינ וואָס? אינעם אויצער.

באשעווע (קוקט זי אָנ). טפו זאָלט איר ניט ווערנ! (גייט אינ קיכ, זעלדע גייט איר נאָכ). א ייִדענע זאָל ליגנ טאָג ווי נאכט אינ קאָהאָלשע זאכנ...



(באשעווע, זעלדע אָפּ. פונ דער דרויסנ־טיר קומענ זיכ צונויפ איינציקווײַז געסט: מענדל באָרד, עפראַיִמ לאקירדע, ניסל דערבארמיקער, אורעמעלע מעלאמעד, כאזנ, שאמעס, יענטע, העניע, אסנע אונ נאָכ א דרײַ, פיר ייִדנ אונ ווײַבער. אָנגעטאָנ אלע יאָנטעוודיק).

## באָרד, לאקירדע, דערבארמיקער, יענטע, העניע, אסנע, מעלאמעד, כאזנ, שאמעס, ייִדנ, ווײַבער

באָרד (דערזעט אפנ טיש האלאָוועשקעס היטל מיט דער קאָקארדע). ווער קאָנ זײַנ דאָס קנעפל?

דערבארמיקער. זעט איס, א פּאָליצייסקע היטל.

מעלאמעד. די מאשמאָעס, אז ס'דארפ זײַנ האלאָוועשקע.

לאקירדע. פונוואנענ איז געדרונגענ?

באָרד. לאקירדע דארפ איבערשפּארנ!

מעלאמעד (באטראכט דאָס היטל פונ אלע זײַטנ, מיט גרויס רעשפּעקט). האלאָוועשקעס היטל וועל איכ דערקענענ פאר דרײַ מײַל אינ דער פינצטער. ער איז בא מיר אנ אָפּטער גאסט אינ כיידער!

כאזנ. וואָס טוט ער בא אײַכ אינ כיידער?

שאמעס. ער פארהערט די קינדער, ניט אנדערש.

מעלאמעד. איכ האָב צו אימ גאָרניט; ער איז א גוטער גוי...

באָרד. אז מע גיט אימ, נעמט ער...

יענטע. געבנ זאָל אימ גאָט קרענק...

העניע. פאר קאָל־ייִסראָעל, טאטעניו!

אסנע. אָמיינ, ריבוינעשעלוילעמ!

באָרד. וואָס קאָנ ער טאָנ דאָ, אשטייגער, אינמיטנדערינענ?

דערבארמיקער. אוודע וועגנ אויצער!

לאקירדע. פונוואנענ איז געדרונגענ?

מעלאמעד. די מאשמאָעס, אז מע דינגט זיכ פארנ אויצער.

כאַזן. האָלאָוועשקע נעמט אומעטום.

שאַמעס. ער נעמט פֿון טויט און פֿון לעבעדיק.

יענטע. נעמען זאָל ער אײַך א מיסע-מעשונע.

העניע. הײַנטיקע נאכט, גאָטעניו!

אסנע. אָמיין, ריבוינעשעלוילעם! (פֿון דער אינוויינייקסטער טיר קומען אָן לייווי מאָזגאָוואָיער, א פֿארשוויצטער, און האָלאָוועשקע, מיט א בויגן פּאפּיר ארײַנגעשטעקט אין ארבל. דער גאנצער עוילעם יידן כאפּן אראָפּ די היטלען. אלע פֿארנייגן זיך צום גאָראָדאָווי).

## מאָזגאָוואָיער, האָלאָוועשקע

מאָזגאָוואָיער. באָרעכאבאָ, געסט! זיצט, פֿארוואָס זיצט איר ניט? (קוקט זיך ארום). ווו איז דער כאָסן? ניטאָ נאָך? (צום כאזן). כאזן, איר זײַט שוין דאָ? עפּשער וואָלט איר זיך אוועקגעזעצט דערווײַל שרײַבן טנאָים? (ווײַזט דעם כאזן, וווּ ער זאָל זיך אוועקזעצן שרײַבן. דער שאמעס שטעלט זיך אוועק נעבן כאזן מיטן טינט-און-פּעדער).

האָלאָוועשקע (זוכט אָפּ דאָס היטל, געזעגנט זיך מיטן גאנצן עוילעם מיט איין פֿארבייגן זיך). מעזשדו פּראָטשים, דאָסווידאניא! (צו לייווי מאָזגאָוואָיער, גיט אים די האנט). דאָ פּריאטנאָוואָ סווידאניא! (גייט צו דער טיר).

מאָזגאָוואָיער (באגלייט אים צו דער טיר). גייט געזונט, רעב כאים-בער!.. (דער גאנצער עוילעם קוקט זיך איבער). און זײַט זיכער, אז צווישן אונדז וועט דאָס בלײַבן. איך קאָן האלטן א סאָד. איך הייס, פֿארשטייט איר מיך, לייווי מאָזגאָוואָיער!.. (אָפּ דער טיר באגעגנט זיך האָלאָוועשקע מיט אידל טאָרבע. ביידע טרעטן אָפּ איינער דעם אנדערן דעם וועג. דער גייט ניט ארײַן, יענער גייט ניט ארויס. אזוי לאנג, ביז זיי שטופּן זיך דורך ביידע אינאיינעם, דער ארײַן, דער ארויס).

(האָלאָוועשקע אָפּ. אידל טאָרבע קומט מיט איציקן באַ דער האנט. אידל איז אָנגעטאָן יאָנטעוודיק, אויסגעפּוצט ווי א כאָסן: א נײַע קאפּאָטע, נאָר קורצלעך אין סטאָן, די ארבל שמאָל, די הויזן קורץ און ברייט, א בלוי



סאמעטן קאשקעטל אפּן קאָפּ, דאָס פּאָנעם אײַנגעוואשן, די האָר אָנגעשמירט מיט פֿעטן, נאָר די שפּיץ פֿינגער זײַנען שווארץ, ווי טאָמעד. — איציק, אויך אָנגעטאָן שאבעסדיק, אויך אויסגעצוואָגן, נאָר די נאָז ניט אין בעסטער אָרדענונג, כאָטש ער איז מיט איר באשעפֿטיקט, ווישט זי אלעמאָל מיט ביידע ארבל, רעכטס און לינקס).

## אידל טאָרבע, איציק

טאָרבע (צו לייווי מאָזגאָוואָיער). וואָס האָט געטאָן בא אײַך אָט דער שלימאזל האָלאָוועשקע?

מאָזגאָוואָיער (א מאך מיט דער האנט, זיפֿצט). פֿרעגט גאָר ניט! (צום גאנצן עוילעם). הערט איר, יידן, זינט גאָט האנדלט מיט פּיאווקעס, האָט ער נאָך אזא פּיאווקע ניט באשאפֿן, ווי אונדזער גאָראָדאָווי, יימאך שמוי וועזיכרוי! אן אָקע בלוט האָט ער בא מיר אויסגעצאפּט הײַנטיקן טאָג! איר זאָלט וויסן, וואָס פֿאר א האסאָגע אָט דער מעשומעד האָט, וואָלט איר זיך געריסן בא די האָר! ברעכט זיך ניט דעם קאָפּ, וואָרעם אז איר וועט זײַן מיט אכצן קעפּ, וועט איר אויך ניט טרעפֿן!

באָרד. אכצן קעפּ אויך ניט טרעפֿן...

מאָזגאָוואָיער. נאָר מיט גאָטס הילף, הערט איר, איך מעג זיך טאקע באריִמען, אָט דער קאָפּ זאָל מיר דינען! (פּאטשט זיך אין שטערן). איך האָב אים אָנגעטאָן א ספּאָדעק!

באָרד. א ספּאָדעק!

מאָזגאָוואָיער. לאָז נאָר דער אייבערשטער העלפֿן, מיר זאָלן זיך שוין דערשלאָגן צום אויצער, וועל איך אײַך, אײַמירצעשעם, דערציילן אין פֿריידן, וועט איר לאכן — אוי, וועט איר לאכן!..

באָרד. אוי, וועלן מיר לאכן.

דערבארמיקער. האלעווײַ, ריבוינעשעלוילעם, יידן זאָלן טאקע טאָמעד לאכן.

מאָזגאָוואָיער. לאכן איז געזונט, דאָקטוירים הייסן לאכן.

באָרד. דאָקטוירים הייסן לאכן.

מאָזגאָוואָיער (פירט צו אידל טאָרבע אויבנאָן. איציק גייט אים נאָך). זיצט. איך גיי רופן די מעכוטענעסטע מיט דער קאַלע. ווײַבער מאכן שיִעס.

(מאָזגאָוואָיער אָפּ).

באָרד (צו אידל טאָרבע). איר גייט ניט אָנעם קליינעם קיין דאלעדאמעט? (טאָרבע שווײַגט).

דערבארמיקער. זיי האָבן מוירע פאר א גוט אויג (טאָרבע שווײַגט).

יענטע (הויך). איציק האָט זיך, קיין אײַנאָרע, שיין פּאָפּראוועט!

העניע (נאָך העכער). אפּאָנעם, אז דער אויצער האָט אים פּאָליובעט!

אסנע (גאנץ הויך). א מאזל, קיין אײַנאָרע! וויפל מענטשן עס גייען דורכן יאָר אפּן בעסוילעם, געפינט מען צאָרעס. דער האָט פארבלאָנדזעט איין מאָל אפּן אלטן בעסוילעם, האָט אים גאָט באגליקט אן אויצער...

טאָרבע (קאָן זיך שוין מער ניט אײַנהאלטן). טאָג ווי נאכט הערט מען נאָר: אויצער — אויצער! אויצער — אויצער!

באָרד. זיי זײַנען זייער גערעכט: אויצער — אויצער! אויצער — אויצער!

טאָרבע (מיט א ברייטן טאָן). איר זײַט טאקע אנדערש ניט געוווינט געוואָרן נאָר צו אויצרעס? איר זײַט אויסגעוואקסן אפּ אויצרעס?

באָרד. אויסגעוואקסן אפּ אויצרעס?

טאָרבע (נאָך ברייטער). וואָס וואָלט איר געטאָן, לעמאָשל, ווען מײַן זון פארבלאָנדזעט ניט, ווי איר זאָגט, שיוועאָסאָר-בעטאמוז אפּן אלטן בעסוילעם און געפינט ניט קיין נאפּאָלעאָן?

באָרד. קיין נאפּאָלעאָן?

טאָרבע. מיסטאמע איז זײַן גליק אזוי.

באָרד. זײַן גליק אזוי.



לאקירדע. ווער נעמט דען אָפּ בא אים, כאָלילע?

טאָרבע. וואָז זשע ווארפט איר אויס אלע מינוט דעם אויצער? און וואָז ציטערט איר אזוי? דאכט זיך, איר זעט, מע שלאָפט ניט, מע גראָבט, מע זוכט, מע נישטערט.

באָרד. מע זוכט, מע נישטערט...

טאָרבע. ס'איז שוין, באָרעכאשעם, ניט ווײַט פונעם אויצער...

באָרד. ניט ווײַט פונעם אויצער...

איציק (טוט א ברייטן ניס). אפּטשכי!

טאָרבע. איציק, די נאָז!..

באָרד. איציק, די נאָז! אָט האָט ער בעעמעס גענאָסן.

יענטע. צו געזונט זאָל אים זײַן...

העניע. צו אריכאס יאָמים...

אסנע. אָמיין, ריבוינעשעלוילעם!.. (עס קומען אָן פון דער אינוויינikסטער טיר: לייווי מאָזגאָוואָיער, באשעווע און עסטער. עסטער איז אויסגעפּוצט, ווי א קאלע. אין פּנעם קיין טראָפּן בלוט. גייט לאנגזאם. די אויגן אראָפּ. די מוטער באזעצט זי אויבנאָן צווישן די ווײַבער, אנטקעגן כאָסן. די ווײַבער קוקן זיך פילדײַטיק איבער).

## מאָזגאָוואָיער, באשעווע, עסטער

מאָזגאָוואָיער (מיט פארקאטשעטע ארבל, ווי א מעכוטן; צום אוילעם). אצינד, מײַנע ליבע געסט, צעזעצט זיך אפּ די ערטער. באלד מיסטאמע וועט קומען דער ראָוו, וועלן מיר אויסהערן די טנאָיִם (צום כאזן, פונדערווײַטן). איר זײַט שוין באלד פארטיק, כאזן?.. נאָכדעם וועלן מיר עפּעס נעמען אין מויל ארײַן...

באָרד. נעמען אין מויל ארײַן...

מאָזגאָוואָיער (צו באשעווען). גיב דערווײַל איציקן עפּעס אין מויל ארײַן, לאָז ער קײַען...

באָרד. לאָז ער קײַען... (באשעווע טראָגט אונטער איציקן א שטיק לעקעך. איציק קײַט. דער אוילעם זעצט זיך אויס ארום טיש. מאנצבילן באזונדער, ווײַבער באזונדער. עס עפנט זיך די דרויסן־טיר און עס קומט ארײַן דער ראָוו, א גרײַז-גרויער שיינער מאן, מיט א ברייט־שווארצן אויבערמאנטל,

מיט א שניי־וויַיסן קאָלנער, מיט א ברייטן שטריַימל פונ סויבלענ אפנ קאָפּ. — דער גאנצער אוילעם שטייט אופ פאר אימ, ווי איינ מענטש. מע טרעט אימ אָפּ דעם אויבנאָנ. באשיידנ זעצט ער זיכ אוועק בא אנ עק טיש. די אויגנ שטראלנ. דאָס פּאָנעמ לייַכט.

## ראָוו

מאָזגאָוואָיער (צומ ראָוו). רעבע, מע ווארט אפ אייַכ מיטנ קנאסמאָל.

ראָוו. לאָז גאָט געבנ, ס'זאָל זייַנ אינ א גוטער שאָ, א סימענ טאָוו אונ א מאזלטאָוו אפ קאָל־יִסראָעל, איכ זאָל זוּיכע זייַנ בא אייַכ, אונ איר אלע איינס בא דאָס אנדערע, קינדערלעכ, אפ סימכעס, נאָר אפ סימכעס! וואָרעמ וואָס מער פריילעכקייַט — אלץ נעענטער צו גאָט, וואָס מער כעדווע — אלץ נעענטער צו דער שכינע... זייַט זשע זיכ, קינדערלעכ, מעסאַמייעכ מ׳ט אייַער פאָטער, וועט איר אינ דעמ זכוס געפינענ דאָס, וואָס איר זוכט... שוינ צייַט, שוינ לאנג צייַט... אמכאָ יִסראָעל צריכינ פארנאָסאָ... ייִדנ, נעבעכ, דארפנ האָבנ ברויט (דער אוילעמ זיפצט, די ווייַבער ווישנ די אויגנ). פריילעכ זייַנ, קינדער, בעהארכאָוועס־האדאס, אינ דער גוטער צייַט, איז קיינ קונץ ניט. אדעראבע, ווייַזט ארויס פריילעכקייַט דאפקע אינ דער שלעכטער צייַט פונעמ גאָלעס, דאפקע דעמלט, ווענ ס'איז ביטער אפנ הארצנ, דאפקע דעמלט, ווענ ס'איז קאָלו קאָל האַקיצינ!.. (דער אוילעמ זיפצט, די ווייַבער וויינענ שטיל). וואָרעמ דער אייבערשטער האָט האנאָע, אז זייַנע קינדער זייַנענ פריילעכ... אויב איר זייַט פארטיק, הייסט לייענענ טנאָימ...

מאָזגאָוואָיער (צומ כאזנ). זייַט זשע מויכל, כאזנ, אהער מיט די טנאָימ (דער כאזנ גייט צו מיט אנ אָנגעשריבענעמ בויגנ פאפיר. נאָכ אימ גייט נאָכ דער שאמעס).

ראָוו (שטייט אופ. עס שטייט אויכ אופ דער גאנצער אוילעמ. דער ראָוו גיט מאָזגאָוואָיערנ זייַנ פאטשיילע). נא דיר, לייווי, די פאטשיילע, זייַ מעקאבל־קיניענ בא כאָסנ־קאלע.

מאָזגאָוואָיער (נעמט באמ ראָוו די פאטשיילע, טראָגט צו



פריִער צו אידלענ). רעב אידל! זייַט מעקאבל־קיניענ (אידל טאָרבע רירט זיכ צו צו דער פאטשיילע, מאָזגאָוואָיער טראָגט צו די זעלבע פאטשיילע צי דער טאָכטער). עסטער, זייַ מעקאבל־קיניענ (עסטער רירט זיכ צו צו דער פאטשיילע, איר פּאָנעמ איז טויט־בלאס).

ראָוו. אצינד לאָז דער כאזנ לייענענ די טנאָימ (דער כאזנ צעעפנט דעמ בויגנ פאפיר. דער שאמעס שטייט גרייט מיט א טעלער אפ צעברעכנ אימ. די ווייַבער האָבנ אָנגעשטעלט פרומע פּענעמער, גרייט אפ צו גיסנ טרערנ. פונ קיכ קומט אריַינ זעלדע די קעכנ, בלייַבט שטיינ בא דער טיר אויכ מיט א פרומ פּאָנעמ, אפ צו האָרכנ, ווי דער כאזנ וועט לייענענ די טנאָימ).

כאזנ (צעשאָקלט זיכ, הייבט אָנ הויכ אפ א קאָל). „האמאגיד מייִריישיס אכריס...” (עס עפנט זיכ די דרויסנ־טיר אונ עס באווייַזט זיכ א יונגער פארשוינ, א פרישער, א געזונטער, מיט א גלאט פּאָנעמ, מיט צוויי טשעמאָדאנעס אינ ביידע הענט, מיט א געלנ רייַזע־טאש איבער די פּלייצעס. אָנגעטאָנ איז ער אינ א לאנגנ קעסטלדיקנ אויבערראָק, קעסטלדיקע הויזנ, א ווייַסע וועסטע, א קעסטלדיק רייַזע־מיצל אפנ קאָפּ. זעט אויס, ווי אנ עכטער ענגלענדער. אלע דרייענ אויס די קעפּ צו דער טיר, באטראכטנ דעמ אריַינגעקומענעמ אוירעכ. דער אוירעכ באטראכט דעמ אוילעמ. — די ערשטע האָט אימ דערקענט באשעווע, אז דאָס איז בעניע, איר שוועסטערס זונ פונ אמעריקע).

## בעניע בענ

בעניע בענ (זוכט מיט די אויגנ זייַנע אייגענע. לאָזט אָפּ די טשעמאָדאנעס).

באשעווע (א פּליעסק מיט די הענט). בעניע! מייַנ שוועסטער זלאטעס זונ! (טוט זיכ א לאָז צו אימ). אזא שטיק גאָלד זאָל מיר קומענ מאָשיִעכ! (פאלט אימ אפנ האלדז, וויינט).

בעניע. טאנטע! (פונ באשעווענ צו לייווי מאָזגאָוואָיער). אָנקל! (קושנ זיכ).

עסטער. מאמע! (פאלט כאלאָשעס. די ווייַבער כאפנ זי אונטער).

ווייַבער. וואסער! די קאלע כאלעשט! וואסער!

אלע (איינס צו דאָס אנדערע). וואסער! די קאלע כאלעשט! וואסער! (פּאָרהאנג).

## דריטער אקט

באַ לייווי מאָזגאָוואָיער. דאָס זעלבע צימער, נאָר שענער מעבלירט. אלץ איז נײַ, אלץ גלאנצט. — א בעטל נאָך ניט פארבעט פונ דער נאכט. — באַ א שרײַבטישל זיצט אינ א מאָרגנרעקל **ב ע נ י ע ב ע נ**, שרײַבט א בריוו.

**ב ע נ י ע** (געענדיקט דעם בריוו, שפארט זיך אָנ אינ שטול, די פיס ארופ אפנ טיש, אפ דעם אמעריקאנישנ שטייגער, לייענט דעם בריוו).

„מײַ דיר סעם!

איך שרײַב צו דיר דיז לעטער פונ א עסײַלום, פונ א הויז פונ פלענטי מעשוגאָיִם. ניט נאָר פונ א הויז, פונ א שטאָט פונ מעשוגאָיִם. אלע, פונ קליינ ביז גרויס, זײַנענ דאָ פאריקט: זיי זוכנ אנ אויצער, דרײַצנ פעסלעך גאָלד אפ די סעמעטערי, אפנ אלטנ בעסוילעמ, אונ זײַנענ איבערצײַגט, אז ניט הײַנט איז מאָרגנ וועלנ זיי דאָס געפינענ! פרעג מיך ניט, סעם, וואָס איך טו בעטווינ אזעלכע מעשוגאָיִם. איך בינ אָל־רײַט. איך העוו א קוזינע, עסטער איז איר ניימ, מעג די גאנ־צע וועלט אראָפ פונ זינענ נאָר פאר אירע אויגנ אליינ. אײַל־בעטשיו, או אינ גאנצ אמעריקע פונ ניו־יאָרק ביז פלאָרידא איז ניטאָ נאָך אזעלכע אויגנ! דערווײַל איז זי פארלאָבט מיט א דזשענטלמענ א אידיאָט. נאָר זײַ רויִק, סעם, לאָז מײַנ נאָ-



מענ ניט הייסנ בעניע בענ, אויב איך ברענג זי ניט צו פירנ אהיימ, אלס מײַנ געזעצלעכע מיסעס, אינ פארלויפ פונ דרײַ וואָכנ צײַט! גיב אכטונג, סעמ, אפ די האָמ, גרייט צו די רומס אונ ערווארטע מיך מיט מיסעס בענ ענדע דיז מאָנט.

„יור פרענד בעניע בענ".

(פארכאסמעט דעם בריוו. עס הערט זיך פונ דער אינווייניקסטער טיר א קלאפ).

**ב ע נ י ע, קאמינ!** (עס קומט ארײַנ **ע ס ט ע ר** מיט א בעקנ טיי מיט מילך מיט געבעקס, שטעלט אוועק אפנ טיש. — איר פּאָנעם שײַנט).

### עסטער

**ב ע נ י ע** (כאפט זיך אופ). **הײַדוויודו, עסטער?** (נעמט זי פאר א האנט, זעצט זי אוועק). נאָרוואָס האָב איך אוועקגעשריבנ א לע-טער צו מײַנ פארטנער סעמ, ער זאָל אונדז ערווארטנ, מיך אונ דיך, ניט שפעטער ווי אינ דרײַ וואָכנ ארומ, ביקאָז מיר זײַנענ באלד גרייט צו דער רײַזע.

**ע ס ט ע ר** (לאכט). דו זאָגסט עס אזוי פראָסט, גלײַך ווי דו ווייסט דאָס פאר געוויס...

**ב ע נ י ע.** שור! איך בינ אינ דעם איבערצײַגט, ביקאָז איך וויל אזוי, אונ קוימ וויל איך אזוי, מוז דאָס אזוי זײַנ! ניטאָ א זאך אפ דער וועלט, וואָס א מענטש וויל גרייכנ אונ זאָל ניט קענענ — יו ענדערסטענד?

**ע ס ט ע ר.** גליקלעכע דאָרט באַ אײַך, גליקלעכע מענטשנ!.. איך קוק אפ דיר אונ וווּנדער מיך: ביסטו דענ ניט מיט מיר פונ איינ מישפּאָכע, פונ איינ שטאָט געבוירנ, פארוואָס ביסטו אנ-דערש, ניט אזוי, ווי מיר אלע?

**ב ע נ י ע.** וועל! איך בינ דער זעלבער, אָבער איך בינ אנדערש דערצויגנ. איך בינ אויסגעוואקסנ אפ דעם אמערי-קאנישנ באָדנ, זיך אָנגעשמעקט מיט אמעריקאנישע לופט. דאָרט ארבעט יעדער פאר זיך. דאָרט קוקט מענ ניט ארויס אפ ני-סימ, אפ אויצרעס...

עסטער. וואָס זשע, דו גלייבסט ניט בעשומויפן, אז עס קאָן זיך אמאָל געפינען ערגעץ?..

בעניע. נעווער! קיינמאָל ניט! אויב ס'איז דאָ ערגעץ אַן אויצער — איז ער בא אונדז, אין אמעריקע. ס'איז דאָ בא אונדז א לאַנד, הייסט עס „קלאָנדייק". אהינצו פאָרט מען גראָבן גאָלד פון דער ערד, אזוי ווי מע גראָבט בא אייַך זאמד. אהינצו האָבן זיך אוועקגעלאָזט מענטשן, פּראָסטע אַר־בעטער, אָרעמעלייַט, און געקומען אין עטלעכע יאָר צוריק מי־ליאָנערן!

עסטער. דו ביסט דאָרט געווען?

בעניע. נאָ! איך האָב געווּנען מייַן „קלאָנדייק" בא מיר אפ מייַן פּלאַץ. איך האָב געטראָפן א פארם א סטעפּ און גע־מאכט פון דעם א גאנײדן, און אליין מיט מייַנע אייגענע הענט צעאַקערט, געגראָבן ברונעמס...

עסטער. ווייסטו וואָס מע זאָגט אפ דיר? אז דו האָסט דאָרט געקויפט א שטיקל ערד, און גאָט האָט דיך באגליקט, דו האָסט געגראָבן א ברונעם און געפונען אַן אויצער...

בעניע (צעלאכט זיך). אומעטום זעען זיי אויצרעס. עס כאָלעמען זיך זיי אויצרעס. ווילסט וויסן, וואָס איז אַן אויצער? אָט איז אַן אויצער (וויַיזט איר אפ זייַנע הענט. עסטער קוקט אים אין די הענט אריַין). אָט מיט די הענט, אָט מיט די צען פינגער בין איך מיט אכצן יאָר צוריק געקומען אַן עלנטער, אַן אָרעמער יאָסעם אין א פרעמד לאַנד, אָן א שפּראַך, אָן לייַב און לעבן, און אליין, מיט אָט די הענט, זיך דורכגעשלאָגן, ניט ארויסגעקוקט אפ קיין ווונדער פון אויבן און אפ אויצרעס פון אונטן, ביקאָז ס'איז ניטאָ קיין ווונדער אפ דער וועלט, ניטאָ קיין אויצרעס!

עסטער (פארטראכט). ניטאָ קיין אויצרעס?..

בעניע (ענערגיש). ניטאָ! ס'איז א כאָלעם! א נאָנסענס! א בלאָף, א פאנטאזיע — יו ענדערסטענד? איך מוז זיי דאָ אלע איבערצייַגן. איך מוז זיי דאָ אלע עפענען די אויגן, און



לאָז מייַן נאָמען ניט הייסן בעניע בען, אויב איך וועל דאָס ניט דורכפירן!

עסטער. איך קאָן מיר גאָר ניט פאָרשטעלן, וואָס וועט זייַן מיט זיי... (פארזאָרגט). און מייַן טאטע — ער וועט דאָס ניט איבערטראָגן! מייַן טאטע...

בעניע (גייט ארום). וועל! מע דארף אים אויסהיילן. מע דארף זיי אלע היילן, ביקאָז זיי זייַנען קראנקע מענטשן. מע דארף זיי עפענען די מויכעס, אומקערן זיי צוריק צו זייערע ביזנעס. יו ענדערסטענד? (שטעלט זיך אוועק אנטקעגן עסטערן). און אז איך וועל זיי אויסהיילן, און פריִער פון אלעמען דעם אָנקל לייווי, וועט ער דערזען, וואָס פאר א דומהייַט און וואָס פאר אַן אומרעכט ער האָט באגאנגען דערמיט, וואָס ער האָט דיך געוואָלט אוועקגעבן צו אזא נאָטינג, ווי דער פארקריפּלטער כאַלפן. און ער וועט זייַן צופרידן, וואָס איך בין געקומען פון אמעריקע אהער צו דער ריכטיקער צייַט... (זעצט זיך אוועק, צו עסטערן). בין איך געקומען אין דער ריכטיקער צייַט? זאָג.

עסטער. איך האָב גאָר מוירע טראכטן וועגן דעם, וואָס וואָלט געווען, ווו וואָלט איך שוין איצט געווען, ווען דו קומסט ניט יענעם אפדערנאכט...

בעניע. דאָס זאָלסטו ניט זאָגן מער. דאָס איז א נאָנ־סענס, שטארבן איז קיין קונץ. א קונץ איז לעבן און קעמפן פארן לעבן. דאָס לעבן, עסטער, איז א קאמף, א שווערער קאמף! (נעמט זי פאר ביידע הענט). דאָס לעבן איז... (עס עפנט זיך שטיל די דרויסן-טיר און עס דערשייַנט באשעווע).

## באשעווע

(באשעווע מיט א גרויסן קויש פון מארק מיט עסנווארג. — דערזעען, ווי בעניע האלט עסטערן פאר די הענט, לאָזט זי ארויס דעם קויש און עס צע־פאלן זיך אפ דער ערד די אייַנגעקויפטע זאכן און עס קאטשען זיך קארטאָפ־ליעס, ריבן, ציבעלעס און שאַר-יעראָקעס).

באשעווע (מאכט זיך ווי זי האָט גאָרניט געזען). אָט האָב איך

אײַך געבראכט, און אָט ליגט עס (בײגט זיך צו צו דער ערד, קלײַב צונויפ).

בעניע (טוט זיך א וואָרף, העלפט צונויפקלײַבן). אָט וועל איך אײַך העלפן, מומעניו (קלײַבט).

באשעווע. א דאנק. לעמײַ זאָלסטו זיך מאטריעך זײַן? (קלײַבט).

בעניע. נעווערמײַנד! איך בין ייִנגער פון אײַך (קלײַבט),

באשעווע (צונויפגעקליבן, שטייט אוף פון דער ערד. מאכט זיך, ווי זי האָט נאָרוואָס דערזען עסטערן). זע נאָר, דו ביסט אויך דאָ, עסטערל? האָסט געבראכט בעניען טיי? אזא שטיק גאָלד זאָל מיר קומען מאָשיעך, ווי איך האָב מיר געטראכט, גייענדיק אהיים: ווער וועט זיך דערמאָנען געבן מײַן פלימעניק טיי? אפאָנעם, אז אייגנס איז ניט פרעמדס... ווי, מיינט איר, קינדער, בין איך געווען א גאנצ פרימאָרגן? געשטאנען מיט טויזנט ווײַבער און געשמועסט. ווײַבער האָבן אין זיך נײַן מאָס רייד. יעדע באזונדער שטעלט מיך אָפּ: גוט-מאָרגן, גוט-יאָר... גאָט ליב אײַך מיט אײַער גאסט... איר האָט א גאסט פון אמעריקע... אײַער שוועסטערס זון... וואָס טוט ער... וואָס מאכט ער... ס'איז עמעס, וואָס מע זאָגט, אז ער האָט דאָרטן געפונען אן אויצער?..

בעניע (לאכט). נו? וואָס ענטפערט איר דערופ, מומע?

באשעווע. מאָל דיך, איך ווייס שוין, וואָס צו ענטפערן. דו מיינסט, איך בין טאקע אָט דאָס, וואָס דער פעטער זאָגט אפ מיר? (צו עסטערן). נעם, טאָכטער, דאָס אלץ און טראָג עס אָפּ אין קיך ארײַן. איך וועל באלד אויך אונטערקומען. זאָג זעלדען, זי זאָל אײַנהייצן אין אויוון.

(עסטער אָפּ. באשעווע נעמט זיך צובעטן די בעט, זיפצט).

בעניע. עפשער וואָלט איר זיך צוגעזעצט א ווײַלע שמועסן א פּאָר ווערטער? זינט איך בין דאָ, שוין באלד א וואָך, האָבן מיר נאָך קימאט גאָרניט גערעדט מיט אײַך.



באשעווע. וועגן וואָס, לעמאָשל, ווילסטו מיט מיר ריידן? ווידעראמאָל וועגן אויצער? אוי, אָט דער אויצער, אָט דער אויצער! גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן פאר די רייד!.. (הערט ניט אוף בעטן די בעט). וואָס ווייסטו, וואָס איך טראָג פאר צאָרעס!.. זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן אויצער, ווייס איך ניט, וואָס מיטן פעטער איז געוואָרן... עס מאָלט זיך אים אויס, אז די גאנצע וועלט זײַנען אים סאָנים, אז אלע זײַנען אים מעקאנע אפן שידעך...

בעניע (לאכט). מעקאנע אפן שידעך?..

באשעווע. וואָס ווייסטו? וואָס ווייסטו?.. איך בין שטארקער פון אײַזן, זאָג איך דיר! אז איך טו א קוק, צאָרעס מײַנע גרויסע, אפ דעם כאלפן, ווייס איך אלײן ניט, וואָס איך זאָל טאָן: צי זאָל איך בעטן גאָט פארן אויצער, צי, כאָלילע, פארקערט?

בעניע. מומע! איר פארשפאָרט גאָט בעטן, ביקאָז עס וועלן גיכער די טויטע אופשטיין פון די קוואָרים, איידער איר וועט געפינען אן אויצער אפן בעסוילעם...

באשעווע. ששש... רייד ניט אזעלכע ווערטער! עס קאָן נאָך אָנקומען, כאָלילע, דער פעטער!.. דו ווייסט דען, ווי ער איז פארקאָכט אינעם אויצער? דער מענטש איז זיך מאפקיר — פרעג צוליב וואָס! צוליב דער שטאָט. ער איז מעכּיעוו פארזאָרגן די גאנצע וועלט. צוליב דער שטאָט האָט ער מאפקיר געווען זײַן קינד, זי פארקויפט צום כאלפן... (קוקט זיך ארום, רעדט שטיל). ער האָט אים נאָר פארקישעפט, אָט דער כאלפן, מיטן אויצער... ער וואָלט זי שוין ביז אהער פארשלייערט, ווען ניט אָט דער האָלאָוועשקע, לאנג לעבן זאָל ער, אפ קיין שלעכט אָרט זאָל ער ניט שטיין.

בעניע. וואָס איז דאָ האָלאָוועשקע פאר א מעכוטן?

באשעווע. שוין איינמאָל א מעכוטן! זעץ דיך, וועל איך דיר עפּעס דערציילן א שיינס (זעצט זיך אוועק). נאָר איינס וועל איך דיך בעטן — קיין פויגל טאָר ניט וויסן.

בעניע. קאָנספּירײשאָן, מומע, נאט אײַך מײַן האנט.

באשעווע. אפילע עסטער טאָר דערפון ניט וויסן, דו הערסט?

בעניע. אָלרײַט!.. זײַט זיכער, מומע!

באשעווע. אָט דער האָלאָוועשקע איז א מעשומעד און רעדט ייִדיש, דערפאר האָט מען אים צוגעשיקט אהער פאר א גאָראָדאָווױ, ער זאָל, הייסט עס, אכטונג געבן אף די ייִדן. גיט ער אכטונג און נעמט פון טויט און פון לעבעדיק. נאָר פון זינט עס האָט זיך אנטפלעקט דער אויצער, ציט ער מאמעש די קלײ, טאקע נאָר ווי א נאיאָמשטשיק! דאָ ניט לאנג איז ער זיך מעיאשעוו, ס'איז אים נימעס געוואָרן די שמאד, קומט ער צו גיין צום פעטער און זאָגט אים אויס א סאָד, אז ער וויל ווערן צוריק א ייִד, און הייסט, אז מע זאָל אים אפן כעזשבן פונעם אויצער אריבערפעקלען קיין ערעצייִסראָעל און דאָרט וועט ער, זאָגט ער, זיך מעגאיער זײַן און כאסענע האָבן — טרעפ פאר וועמען?

בעניע. וועל! פארן מאלכאמאָוועס?

באשעווע. וואָס עפּעס פארן מאלכאמאָוועס, נארעלע? פארוואָס ניט פאר עסטערן?

בעניע. פאר וועלכער עסטער?

באשעווע. פאר אונדזער עסטערן. זי איז אים געפעלן אין שלייער. ער איז, זאָגט ער, נאָך איר די קאפּאָרע, די קאפּאָרע מעג ער זײַן פאר איר מינדסטן נאָגל.

בעניע (שיסט אויס א געלעכטער). נו, און דער אָנקל וואָס זאָגט? ניט אָנגענומען פארן קארק און ניט געוויזן די טיר?

באשעווע. כאסוועכאָלילע! דו פארגעסט, ווער האָלאָוועשקע איז? דער פעטער האָט זיך געמוזט מיט א'ם צעשרײַבן אף פּאפּיר, אז באלד נאָכן אויצער... דו פארשטייסט?. פון איין זײַט — אידל טאָרבע שלאָגט האלדז-און-נאקן, מע זאָל שטעלן כופּע, פון דער אנדער זײַט — האָלאָוועשקע סטראשעט,



אז טאָמער גיבן מיר אָפּ עסטערן פארן כאלפן, אזוי גייט ער גלײַך אוועק און גיט איבער דעם אויצער צו קאזנא...

בעניע (כאפּט זיך בא די זײַטן, קאטשעט זיך פאר געלעכטער). מומע! איך וועל דאָס ניט אויסהאלטן! א באשרײַבונג צו מאכן פון אײַך! א טעאטער! א קאָמעדיע! כא־כא־כא־כא־כא!..

(פון דער דרויסן־טיר קומט אָן לייווי מאָזגאָוואָיער; באשעווע נעמט זיך צוריק צום בעט און צו די קישנס).

## מאָזגאָוואָיער

מאָזגאָוואָיער. דײַן פלימעניק האָט זיך עס א ביסל פאנאנדערגעלאכט, — וואָס איז אים?

באשעווע (בעט). ס'איז אים, קיין אײַנאָרע, גוט אפן הארצן, לאכט ער...

מאָזגאָוואָיער. סײַדן אזוי... א.ואדע, ווען גאָט העלפט אייגענע אימעניעס אין אמעריקע מיט פערדלעך, מיט הײַזער, מיט גערטנער, מיט קאָלטווו, מעג מען טאקע לאכן... מיר לאכט זיך ניט... דאָ האָט נאָך קיינער אזוי ניט געלאכט... דאָ פאלט מען מיטן פּאָנעם צו דער ערד... דאָ גייט מען אויס פאר א שטיקל ברויט... פון איין זײַט, א פּאָרעץ, פון דער אנדער זײַט — א האָלאָוועשקע, — ניין, עס לאכט זיך ניט!.. א שטיקל גליק כאָטש, וואָס גאָט האָט זיך ארומגעקוקט אף אונדז, צוגעשיקט א שטיקל האָפענונג, אָט דעם אויצער... (צו בעניען). א גוט־מאָרגן דיר, בעניע! דו שלאָפסט ווי א פּאָרעץ, ווי אן עמע־סער פּאָמעשטשיק... אפּאָנעם, בא אײַך אין אמעריקע זײַנען זיך אלע אזוי נויהעג שלאָפן ביז זייגער דרײַצן?.. בא אונדז ווייסן מיר ניט פון אזא ראָסקאָש. לעמאָשל, ווען דו זאָלסט וויסן, וואָס איך האָב הײַנטיקן פרימאָרגן מעסאקן געווען — א שרעק! (פּאָכט זיך מיטן היטל איבערן קאָפּ. פארקאטשעט די ארבל).

באשעווע. ־וועד קאָן זיך גלײַכן צו דיר? דו טראָגסט אפן קאָפּ די גאנצע וועלט...

מאָזגאָוואָיער. אָט איז זי דאָ! (צו באשעוועג.) וואָס האָסטו געוואָלט? זאָל איך לאָזן א שטאָט העפקער? ניט גיין צו אײַזיקן געבן אים א וויסטן סאָפּ פאַר זײַן איידעם? (צו בעניען.) ס'איז דאָ בא אונדז א באַלעבאָס אײַזיק, ער רעכנט זיך א נאָגיד, ער האָט אן אייגענע שטוב, — איך וואָלט זיך פונדעסטוועגן ווינטשן פּאַרמאָגן, וואָס ער איז אפּ איר שולדיק, — האָט ער אראָפּגעבראכט אן איידעם פון דער ליטע, א קענער, זאָגט מען, א ווילדער באַל-טאנאַך! ער שרײַבט אין די גאזעטן שרײַבט ער, האָב איך קוים געפּויעלט בא אים, דאָס הייסט בא זײַן שווער, ער זאָל ניט אראַײַנשרײַבן וועגן אויצער, וואָרעם מע וועט געוואָר ווערן פונעם אויצער, וועט מען זיך געבן א לאָז אהער, ווי נאָך מאצע־וואסער, פון דער ליטע און פון קאָל טפּוצעס יִסראָעל... (בעניע וויל אים עפּעס זאָגן, לאָזט ער אים ניט). האָב צײַט, ביסט נאָך ניט פאַרטיק. פון דאָרט האָב איך געהאט נאָך א לויפעניש, צו אידלען, מיקויעך אוורעמעלע מעלאמעד.

בעניע. וואָס וויל דער?

מאָזגאָוואָיער. דאָס, וואָס אלע יִדן — א כײַלעק אינעם אויצער. דאָס הייסט, ער וויל אָנדערהאלבן כאלאָקים. ער האָט א טײַנע: ווען ניט ער, וואָלט אידלס קאדעש ניט געפונען דאָס רענדל אפּן בעסוילעם. האָב איך זיי קוים אויסגעגלײַכט. איך האָב פײַנט מאכלויקעס. א רענדל אראָפּ, א רענדל ארופּ. לאָזן אלע יִדן האָבן א כײַלעק, ווי אין פּײַרעק שטייט געשריבן: „קאָל יִסראָעל יעיש לאָהעם כײַלעק...” דו געדענקסט נאָך א יִדיש וואָרט, צי ווער-וואָס?

בעניע. בא אונדז אין אמעריקע...

מאָזגאָוואָיער (שלאָגט אים איבער, צו באשעווען). בא זיי אין אמעריקע!.. וואָלסט געמעגט מײַנען, אז בא זיי אין אמעריקע איז אן אנדער הימל, מיט אן אנדער ריבוינעשעלוילעם... (צו בעניען). הערסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן? איך בין ניט קיין באַל-גײַווע און קיין בארימער אוואדע ניט. דו האָסט מיך שוין באדארפט א ביסל דערקענען: איך בין דיר אָרעוו, אז וואָס אײַך מאָלט זיך אויס



דאָרט, אז איר ווייסט, האָבן מיר דאָ שוין לאנג פארגעסן. א סימען האָסטו — לאָז דער אייבערשטער טאָן א נעס, מיר זאָלן שוין געפינען דעם אויצער, וועסטו זען, אז האלב אמעריקע וועלן קומען צו אונדז אהער זוכן אויצרעס...

בעניע. אָנקל! איר האָט א מיסטייק!

מאָזגאָוואָיער. א וואָס, א גוט אויג?

בעניע. א מיסטייק, א טאָעס... בא אונדז אין אמעריקע גלייבט מען ניט אין אזעלכע דומהײַטן. בא אונדז איז דאָ א וואָרט: „העלפּ יור זעלפּ”...

מאָזגאָוואָיער. וואָס הייסט דאָס אפּ אונדזער מענטשלעכן לאָשן?

בעניע. דאָס הייסט, יעדער פאר זיך; איטלעכער זאָל העלפן זיך אליין.

מאָזגאָוואָיער (צעלאכט זיך ברייט. צו באשעווען). וואָס זאָגסטו אפּ דײַן פּלימעניק? א נײַס בא אים, געבראכט אזש פון אמעריקע! (צו בעניען). נעם עפּן אופּ דעם פּײַרעק, וועסטו זען, וואָס אונדזערע כאכאָמים האָבן געזאָגט: אים אײן אני לי — ווען ניט איך פאר מיר, מי לי — ווער זשע פאר מיר?

בעניע. וועל! מיסטאמע האָבן זיי עס טראנסלייטעט, איבערגעמאכט פון ענגלישן...

מאָזגאָוואָיער (אופגעבראכט). וואָס? אונדזער פּײַרעק האָט גענומען בא אײַער אמעריקע? מע דארף האָבן אן אזעס זאָגן אזעלכעס אפּ אונדזער הייליקער געמאָרע!..

באשעווע (האָט מוירע פאר א סקאנדאל). ער זאָגט דען עפּעס כאָלילע אפּ דער געמאָרע?

מאָזגאָוואָיער (לאָזט אויס צום ווײַב). דו ביסט דאָך נאָר א יִדענע א בעהיימע, וואָס מישסטו זיך ארײַן צווישן מאנצבילן? דײַן אָרט איז דאָרטן, צווישן די טעפּ!..

בעניע (שטעלט זיך אײַן). אָנקל! לעמײַ באלײדיקט איר אזוי די מומע? זי איז דאָך א לעדי...

באשעווע (צו בעניען). קינד וואָס דו ביסט! דער פעטער

מיינט דען דערמיט עפּעס שלעכטס כאָלילע? פון נאָך דעו כאַסענע אָן הער איך פון אים אַזעלכע ווערטער; עלעהיי גוט־מאָרגן, סקאָצל קומט... מיר זײַנען צום ראָוו וועגן אַ געט קיינמאָל ניט געגאַנגען... פון די רייד וועט קיין אָנבײַסן, האָב איך מוירע, ניט ווערן. מע דאַרף גיין אַ שמעק טאָן, וואָס הערט זיך עפּעס אין קיך בא זעלדען... (גייט אין קיך).

(באַשעווע אָפּ).

מאָזגאָוואָיער. די מומע דײַנע, זאָלסט מיר קיין פאַריבל ניט האָבן, איז אַפּילע אַ גאַנץ ערלעכע ייִדענע, נאָר עס פעלט איר אָט דאָ (ווײַזט אָפן שטערן). אַלע ווײַבער אַזוי. לאַנגע האָר, קורצער סייכל. גאָט האָט זיי שוין אַזוי באַשאַפן, אַ פאַרפאַלענע זאַך...

בעניע. איך האָב געוואָלט מיט אײַך ריידן, אָנקל, זייער אַן ערנסטן אינטערעס...

מאָזגאָוואָיער. טאַקע בעעמעס? איך אויך. זעץ דיך נאָר אַוועק, וועלן מיר שמועסן (זעצן זיך אַוועק ביידע איינס אַנטקעגן דאָס אַנדערע).

בעניע. וועל! זאָגט איר פריִער, איר זײַט עלטער.

מאָזגאָוואָיער. זאָג מיר נאָר, בעניע, דו גלייבסט עפּעס אין כאַלוימעס?..

בעניע. אין כאַלוימעס?.. (איבעראַשט. וויל עפּעס זאָגן, מאָזגאָוואָיער אונטערבריכט אים).

מאָזגאָוואָיער. איך אַליין, ווי דו קוקסט מיך אָן, האָב קיינמאָל ניט געגלייבט אין כאַלוימעס. איך האַלט ניט פון די נאַרישקײַטן, באָבסקע זאַכן, מעכאַשפים, לייצים, אײַנאָרעס, גוט־אויגן... בא מיר איז נאָר דאָס, וואָס איך זע מיטן אויג, אָדער איך טאַפּ אָן מיט דער האַנט. לעמאָשל, ס'איז דאָ שוי־טים, וואָס האָבן מוירע, אַז מע גייט זיי איבער מיט ליידיקע עמער, אָדער אַז עס לויפט זיי דורך אַ שוואַרצע קאַץ, אָדער עס גייט זיי איבער דעם וועג אַ גאַלעך. איך לאַך מיך אויס פון די פּוסטע מײַסעס. צען פּאָר ליידיקע עמער, הונדערט שוואַרצע קעץ, טויזנט גאַלאָכים מעגן מיר איבערגיין דעם



וועג צען מאָל הין און צוריק — איז בלאָטע! אָט אַזאַ מענטש בין איך!

בעניע. וועל! אַזוי דאַרף טאַקע זײַן...

מאָזגאָוואָיער. אַזוי דאַרף עס זײַן און אָט אַזוי איז דאָס טאַקע. וואָס זשע ווען סטו זאָגן, מײַן טײַער שפּילפויגל, דערויף? שוין באַלד איינס און צוואַנציק יאָר, זינט מײַן טאַטע, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גאַניידן, איז טויט, איז ער נאָך איין מאָל ניט געקומען מיר צו כאָלעם. נאָר פון אַ קורצער צײַט, פון זינט עס האָט זיך באַוויזן בא אונדז דער אויצער, נאָך מיט אַ נאַכט פריִער, האָט צו מיר מײַן טאַטע, אָלעווהאָשאָלעם, אָנגעהויבן קומען אַלע נאַכט... האָב צײַט, איך ווייס וואָס דו ווילסט מיר זאָגן. גלייב מיר, איך פאַרשטיי אַזויפיל, ווי דו, און עפּשער נאָך אַ ביסל מער. עס שטייט בא אונדז אין דער געמאָרע בעפּייִרעש: „איין כאַלוים בעלי דוואָרים בטיילים”... דאָס איז אָבער ניט קיין כאָלעם, פאַרשטייסטו מיך, איך זע אים, דעם טאַטן מײַנעם, אָט אַזוי, ווי איך זע דיך, און איך הער זײַן קאָל, איך דערקען זײַן שטימע...

בעניע. וואָס זשע וויל ער פון אײַך!

מאָזגאָוואָיער. גאָרניט. וואָס זאָל ער וועלן? וואָס קאָן אַ טויטער וועלן? גלאַט אַזוי, ער שמועסט זיך דורך מיט מיר, ער רעדט מיט מיר, אַזוי ווי איך מיט דיר. פון אַלצדינג רעדט ער מיט מיר, אַפּילע פון דיר.

בעניע. פון מיר?

מאָזגאָוואָיער. פאַרוואָס ניט? ער פרעגט מיך: וואָס טוט דאָ דײַן ווײַבס פלימעניק?

בעניע. וואָס זשע זאָגט איר אים?

מאָזגאָוואָיער. זאָג איך: ער איז געקומען אַהער פון אַמעריקע אָפּ קייווער־אָוועס.

בעניע. וואָס זשע זאָגט ער?

מאָזגאָוואָיער. זאָגט ער, זייער פײַן פון אים. ער האָט טאַקע געהאַט, זאָגט ער, ערלעכע טאַטע־מאַמע.

**בעניע** (קוים וואָס ער האלט זיך איין). אזוי טאקע, מיט די ווערטער?

**מאַזגאַוואַיער.** וואָס זשע? איך וועל דיר אויסטראכטן? די מאַזגאַוואַיערס זײַנען ניט קיין ליגנערס; זיי זײַנען קיינ־מאָל ניט געווען אין אמעריקע... יענע נאכט קומט ער צו מיר מיט א נײַס...

**בעניע.** ווער?

**מאַזגאַוואַיער.** וואָס הייסט ווער? פון וועמען רייד'ן מיר?

**בעניע.** פון אײַער טאטן פון יענער־וועלט.

**מאַזגאַוואַיער.** הײַנט וואָס זשע פרעגסטו — ווער?.. קומט ער צו מיר און מאכט צו מיר אזוי: „וואָס טוען די ייִדן אלע נאכט אפּן בעסוילעם?"... זאָג איך: „מיר זוכן דעם אויצער"... מאכט ער צו מיר: „וואָס זשע גראָבן זיי עפּעס נעבן אלטן ראָווס קייווער?"... זאָג איך: „ווײַל דאָרט האָט מען געפונען דאָס רענדל". מאכט ער צו מיר ווידער: „נאראָנים! — מיט דעם לאָשן, וואָס איך דערצייל דיר — נאראָנים! פארוואָס זוכן זיי בעסער ניט נעענטער צו מיר?"...

**בעניע.** און ווײַטער?

**מאַזגאַוואַיער.** כאָכעם פון אמעריקע! וואָס האָסטו געוואָלט זאָל זײַן ווײַטער? דער טאטע פון יענער־וועלט זאָל מיך נעמען און צופירן גלײַך צום אָרט, ווו דער אויצער ליגט? איך בין דאָך ניט די מומע דײַנע, וואָס איך זאָל גלייבן אין קישעפּ... אָ! מע זאָל דערמאָנען מאָשיִעכן! (עס קומט אָן באַשעווע, אן איבערגעשראָקענע).

## באשעווע

**באשעווע.** עפּעס א ייִדענע איז געקומען, איך האָב מוירע איבער ניט א מעשוגענע, זי שיט מיט רייד, א וואָרט צו א וואָרט קלעפּט זיך ניט.

**מאַזגאַוואַיער.** וואָס זשע וויל זי פון מײַן לעבן?



**באשעווע.** זאָל מיך אזוי וויסן בייז... עפּעס פּלעשטשעט זי: רענדל... אויצער... נאפּאָלעאָן... פון א קליין שטעטל איז זי געקומען אהער צופוס... געווען אין די קלייטן, האָט מען זי אָפּגעשיקט אהער צו דיר...

**מאַזגאַוואַיער.** אוודע לאקידרע? דאָס א שמאדקאָפּ!.. שיק זי ארײַן, לאָמיר הערן, וואָס וויל זי?..

(באשעווע אָפּ).

**מאַזגאַוואַיער** (צו בעניען). אָט אזוי, ווי דו זעסט, איז טאָג ווי נאכט. זינט עס האָט זיך אנטפּלעקט דער אויצער, קאָכט עס ווי א קעסל... שטיגוטערעס, באלאָנים אָן א שיר!.. דער קויעך פון גאָלד! (זיפצט). און איך — איין מענטש, דארף עס אלצדינג אויסשטיין, אויסהערן יעדנס מעשוגאס!.. דו מיינסט, אז אן אויצער איז א גרינגע פּארנאָסע? אָט אזוי גיך, מיינסטו, ווערן דאָס ייִדן געהאָלפן? איך זינדיק ניט, כאסוועשאָלעם, פּארן ריבוינעשעלוילעם. אזא יאָר אף מיר, וואָס פאר א גאָט מיר האָבן! ער איז זייער א גוטער גאָט, נאָר ער האָט ליב מעדלעווען, ציִען: „אן אויצער, זאָגט ער, גיב איך אײַך טאַקע, ייִדעלעך, נאָר איר וועט זיך פריִער, זאָגט ער, בא מיר א ביסל אָנמוטשען, די אויגן וועלן אײַך ארויסקריכן!"... (עס קומען אָן פון דער אינוויינִיקסטער טיר באשעווע און עלקע).

## באשעווע, עלקע

**מאַזגאַוואַיער** (צו עלקען). וואָס דארפט איר? ווער זײַט איר? פונוואנען קומט איר? ווער האָט אײַך אהער געשיקט?

**עלקע** (צו באשעווען). זעט נאָר, אלצדינג אף א מאָל! (צו מאַזגאַוואַיער). וואָס איך דארף — וועט איר מיר ניט געבן. ווער איך בין און פונוואנען — וועט איר באלד וויסן, און געשיקט האָבן מיך אהער די צאָרעס מײַנע. איך בין אליין א ייִדענע אן אלמאָנע פון א קליין שטעטל, ניט ווײַט פונדאנען, גרויס ווי א גענעץ, און שיין ווי מײַנע צאָרעס. הייסן הייס איך עלקע און האנדלען האנדל איך מיט קאָפּווייטעק און מיט פּארעס מאקעס,

אפֿ די סאָנימס קעפּ, קוים־קוים. וואָס מע קומט אויס מיטן שטיקל ברויט, אי דאָס ניט אַלע טאָג, וואָרעם פינף פּיקערס דארפן קײַען, און קײַען איז ניט העוול...

מאָזגאָוואָיער (צו באשעוועס). די ייִדענע רעדט אָן אן אָפּשטעל, ווי פון א טכינע (צו עלקען). זײַט זשע מויכל, ייִדענע, זאָגט בעקיצער, וואָס ווילט איר, וואָרעם איך בין א פארנומענער מענטש, איך האָב קיין צײַט ניט!

עלקע. בראָש האָבן זיי דאָ אַלע קיין צײַט ניט, פארנומענע מענטשן, שמײַע באַל־פּארנאָסעס, און איך בין, הייסט דאָס, די הוילעכ־באָטלניצע, וואָס גיי ארום שלינג און שלאנג, פוסטע ביידעקעס...

מאָזגאָוואָיער. איך האָב דאָכ אײַכ געזאָגט, אז בעקיצער, אינ צוויי, דרײַ ווערטער, ריינע דיבורים.

עלקע. צוויי — דרײַ ווערטער ווילט איר, ריינע דיבורים? גיט מיר אָפּ מײַנס, וואָס איך האָב פארלאָרן. איך האָב פארלאָרן, איר האָט געפונען. איינעמס שלימאזל, דעם אנדערנס מאזל...

מאָזגאָוואָיער (צו בעניען). די ייִדענע רעדט מיט מעשאָלים.

עלקע. ניט מיט מעשאָלים, מיט בלוט רייד איך, וואָרעם דאָס איז מײַן גאנצ פארמעגן, דאָס איינציקע שטיקל יעדושע, וואָס ס׳איז מיר געבליבן פון מײַן מאן. ער איז געווען א גאָלדשמיד, איז ער געווען, און פלעגט אופקויפן גאָלד פלעגט ער אופקויפן, שמעלצן רענדלעכ. האָב איך עס געהיט ווי דאָס שווארצאפל פונעם אויג. נאָר אז ס׳איז באשערט אן אומגליק, דארפ איך גיינ הײַנטיקן שיוועאָסאָר־בעטאמוז אפ קיי־ווערעוועס. איך קום אהער אַלע זומער, איך האָב דאָ געגוג, אפן אַלטן בעסוילעם און אפן נײַעם בעסוילעם. בין איך געגאנגען פריִער אפן אַלטן בעסוילעם, דאָרטן ליגן טאטע־מאמע, טאטע־מאמע זײַנען ביילכער, און נאָכדעם שוין אפן נײַעם בעסוילעם, צום מאן, א מאן קאָן ווארטן, איך האָב, נישקאָשע, אפ אים מער געווארט...



מאָזגאָוואָיער. ייִדענע, אָדער זאָגט, וואָס איר דארפט, אָדער גייט אײַכ געזונטערהייט!

עלקע. שאַט, שרײַט ניט, איר וועט אופוועקן גאָט...

באשעווע (זעט ווי מאָזגאָוואָיער ווערט אָנגעצונדן, בארויִקט אים). וואָס דארפסטו זיכ אָפּעסן דאָס הארצ?.. (צו עלקען). זאָגט מיר, ייִדענע, וואָס ווילט איר?

עלקע. מײַן רענדל וויל איך, מײַן מאנס רענדל גיט מיר אָפּ, ס׳איז מײַן גאנצ פארמעגן, ווי א שמירע האָב איך עס געהאלטן, ווי אן עווון־טאָוו, דער עלטערער טאָכטער צו דער כאסענע דראָשע־געשאנק, א גאָלדן רענדל, א נאפּאָלעאָן, האָב איך געטראכט, גיי ווייס, אז איך וועל זײַן אפן בעסוילעם בא טאטע־מאמע אפּ קייווערעוועס און וועל עס פארלירן...

בעניע (צו מאָזגאָוואָיער). איר הערט? א רענדל... אפן אַלטן בעסוילעם... א נאפּאָלעאָן...

מאָזגאָוואָיער. נו־יאָ, ס׳קלעפּט זיכ דען א וואָרט צו א וואָרט?

עלקע. ס׳קלעפּט, ס׳קלעפּט זיכ זייער גוט, מע זאָל מיכ נאָר לאָזן אויסריידן (צו בעניען). זאָלט איר מיר זײַן געזונט, הערט מיכ אויס, איך בין א ייִדענע, אן אלמאָנע מיט פינפ קינדער יעסוימים...

בעניע. אָלרײַט! זעצט זיכ נאָר אוועק אָט דאָ־אָ און דערציילט אונדז רויִק און אינקורצן, וואָס איז אײַער באגער (רוקט איר צו א שטול). זיצט.

עלקע. א דאנק. איך קאָן באשטיין (זעצט זיכ אפ אן עק שטול). לאנג לעבן זאָלט איר, וואָס איר לאָזט זיכ ריידן. געגוג, איך בין אזוי אומגליקלעכ, וויל מיכ קיינער ניט אויסהערן ביזן סאָפּ, אז דאָס איז מײַן גאנצ פארמעגן, וואָס מײַן מאן האָט מיר געלאָזט, ער איז געווען א גאָלשמיר און א טשעכאָטניק, פלעגט שמעלצן רענדלעכ...

בעניע. וועל! דאָס האָבן מיר שוין געהערט. איר גייט איבער צו דער זאכ, גלײַכ צו דער זאכ...

ע ל ק ע. גלײַך צו דער זאַך. האָב איך מיך אַראָפּגעכאַפּט אַהער אַף קײװעראָװעס, דאָס אײנציקע שטיקל פֿאַרגעניגן, מישכײנסגעזאָגט, זיך אױסװײנען אַף די הײליקע קװאָרים, פֿרײַער אַפֿן אַלטן בעסױלעם, טאַטע־מאַמע זײַנען בילכער, זיך גוט אױסגעװײנט, לאָזן זײ װיסן, אַף װאָס זײער טאָכטער איז איבערגעקומען, און געבעטן דעם כאַזן, ער זאָל מאַכן אַ מאָלע, און באַצאָלן דעם כאַזן דאַרף מען, ער האָט אױך אַ װײַב און קינדער. גײ איך און נעם אַרױס דאָס קניפּל. װוּ האַלט אַ ייִדענע אַ קניפּל? אין זאָק (בײגט זיך אָן, באַװײַזט איר זאָק). אין קניפּל איז געלעגן פֿון קאָלסװוּ: אַ ביסל קלײנגעלט, אַ פּאָר פּאַפּירענע אַלטע סיגנאַציעס און אַ רענדל אַ גאָלדנס, אַ נאַפּאָלעאָן, מײַן מאַנס רענדל, דאָס אײנציקע שטיקל ירושע...

ב ע נ י ע. אָנקל! איר הערט?..

מ אָ ז ג אָ װ אָ י ע ר (קוקט אַף עלקען). איך הער שױן אַקוראַט!

ב ע נ י ע (צו עלקען). אַלרײַט! װאָס זשע איז געװען?

ע ל ק ע. װאָס איז געװען? אַז אָך און װײ איז צו מײַן קאָפּ, איך האָב עס, אַפּגענעם, אַראָפּגעלאָזט אַף דער ערד, טאַקע דאָרטן אַפֿן אַלטן בעסױלעם, װאָרום אַז איך האָב זיך געכאַפּט אַפֿן נײַעם בעסױלעם, דאָרט ליגט מײַן מאַן, איז שױן ניט געװען קײן סימען פֿון קײן רענדל.

ב ע נ י ע. אָנקל! איר הערט כאָטש מיט קאָפּ?

מ אָ ז ג אָ װ אָ י ע ר. אױב איך הער מיט קאָפּ? איך הער שױן. צי הערסטו?

ב ע נ י ע (צו עלקען). נו, װײַטער, װײַטער.

ע ל ק ע. װאָס װײַטער איז ערגער. בין איך געקומען אַהײם װיסט און פֿינצטער, אױסגעלאָזט מײַן ביטער האַרץ צו די מאַמזײרים, נעבעך, זײ בעטן עסן. עסן, זאָג איך, זאָלן אײַך װערעם, מײַנע סאָנים. דערװײַל הער איך, אַז דאָ בײַ אײַך אין שטאָט קאָכט זיך — אַן אױצער האָט זיך, זאָגט מען, באַװיזן. װוּ? אַפֿן אַלטן בעסױלעם. עפּעס אַ ייִנגל, זאָגט מען,



אַ כושים האָט געפֿונען אַ רענדל, אַ נאַפּאָלעאָן... דערהערט אַ רענדל, אַ נאַפּאָלעאָן — װײ איז מיר! ס'איז דאָך מײַן רענדל, דאָס הײסט, מײַן מאַנס רענדל! מע דאַרף לױפֿן, מע דאַרף פֿליִען! אַף װאָס זאָל איך פֿליִען? רײַטנדיק אַף אַ בעזעם? בין איך געקומען אָט דאָס צופֿוס...

ב ע נ י ע (אױסער זיך פֿון דער מײַסע). אָנקל! זאָל מײַן נאָמען ניט הײסן בעניע, אױב...

מ אָ ז ג אָ װ אָ י ע ר (אונטערברעכט אים). ששאַ! אָט װעלן מיר באַלד עפּעס הערן (לײגט צונױפֿ די הענט אַפֿן האַרצן, װענדט זיך צו עלקען). זאָגט נאָר, ייִדענע, װאָס איך װעל אײַך פֿרעגן, נאָר איר זאָלט מיר קוקן גלײַך אין די אױגן אַרײַן.

ע ל ק ע (קוקט אים גלײַך אין די אױגן אַרײַן). איך האָב באַ אײַך עפּעס געגאַנװעט, װאָס איר הײסט מיר קוקן אין די אױגן אַרײַן?

מ אָ ז ג אָ װ אָ י ע ר. די קונצן װײסן מיר! איך בין אױך אַ מײװון אַף אַ טשאַד. איר פֿאַרעדט מיר נאָר ניט די צײן און זאָגט מיר רײנע דיבורים: פֿונעם אַלטן בעסױלעם, זאָגט איר, זײַט איר אַװעקגעגאַנגען אַפֿן נײַעם בעסױלעם, צו אײַער מאַן. אַזױ, דאַכט זיך, האָט איר געזאָגט? נו, האָט איר אַף אײַער מאַנס קײװער גאָר ניט געװײנט? נײן? אַפֿילע קײן טרער ניט געלאָזט?

ע ל ק ע. װאָס הײסט איך האָב ניט געװײנט? װאָס בין איך? אַ שטײן? אַ בײן? צי ער איז כאָלילע ניט קײן טאַטע צו מײַנע קינדער?..

מ אָ ז ג אָ װ אָ י ע ר (נעמט זיך באַם באָרד, פֿאַרמאַכט די אױגן). שטײט זשע נאָר. נו? און אַ מאָלע האָט איר אײַער מאַן ניט געמאַכט? נײן? אַ מאַן דאַרף מען ניט מאַכן קײן מאָלע?

ע ל ק ע (צו באַשעװען און צו בעניען). זעט נאָר, װי דער ייִד האָט מיך גענומען צום סמיק, טאַקע נאָר עפּעס װי אַ סודעבנע פּריסטאַװ, לעהאַװדל!..

מ אָ ז ג אָ װ אָ י ע ר (צו באַשעװען און צו בעניען). נו? הײַנט

פאַרשטייט איר שוין, וואָס דאָס איז פאַר א פויגל? פריִער האָב איך אויך געמיינט, אז ס'איז א מעשוגענע. איצט זע איך שוין, וואָס דאָס איז! דאָס איז אן אָנשטעל, א מאַניפאָרגע, אן אפערע פון עמעצנס א קעפעלע אפ צו טשעפען זיך צום אויצער!.. (צו עלקען). זאָגט נאָר, זייַט איר ניט געווען פריִער בא לאַקירדען? דאָס האָט אייַך לאַקירדע אהער געשיקט? איאָ?

עלקע. זאָל איך אזוי וויסן פון מייַן דאַלעס, ריבוינע־שעלוילעם, און איר זאָלט אזוי וויסן פון אייַער נאַר, ווי איך ווייס פון א לאַקירדע צו זאָגן!

מאָזגאָוואָיער (ארויס פון די קיילים)· אזוי? נעבעך! איר קענט גאָר ניט לאַקירדען? אָט וועל איך אייַך טאקע באַלד גלייבן אפ נעמאָנעס! קומט, קומט מיט מיר צו לאַקירדען! (שלעפּט עלקען צו דער טיר. באַשעווע וויל אים אָפּהאַלטן).

באַשעווע. לייווי! גאָט איז מיט דיר! וואָס האָסטו זיך אָנגעכאַפּט אין לאַקירדען?

מאָזגאָוואָיער (שטופּט אָפּ באַשעווען מיט איין האַנט, מיט דער אַנדערער שלעפּט ער עלקען צו דער טיר). איך ווייס שוין פון וועמען דאָס וואַקסט! מאַמזיירים! זשוליקעס! אַפּעריסטן! סאָנים! ס'וועט א רוּעך זיי אין טאַטנס טאַטן אַרייַן!..

עלקע. אַלע בייזע וויסטע כאַלוימעס! נא דיר נאָך, טאָמער איז קאַרג!

(לייווי מאָזגאָוואָיער, עלקע אָפּ).

בעניע (כאַפּט זיך בא די זייַטן, פּלאַצט שיִר פאַר געלעכטער). כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!..

באַשעווע (ברעכט די הענט). דו לאַכסט?

בעניע (לאַכט נאָך שטאַרקער). וואָס רעדט איר, מומע? כאַ־כאַ... טויטע אין די קוואָרים דאַרפן זיך קאַטשען פאַר געלעכטער!.. כאַ־כאַ־כאַ... גאַנצע בעסוילעמס דאַרפן אויפשטיין און אויסגיין לאַכנדיק, כאַ־כאַ־כאַ!..

באַשעווע. וויינען דאַרף מען, בעניע, וויינען, ניט לאַכן! וויינען אפ דעם אומגליק, וואָס האָט אונדז געשען מיט אָט דעם



אויצער, פאַרפינצטערט בין איך געוואָרן!.. בעסער וואָלט זיך אידלס קאַדעש אויסגעבראָכן א פוס, איידער ער האָט געפונען דאָס רענדל, וואָלט איך צו מייַן אומגליק ניט געקומען! זעסט דען ניט, אז דאָס האָט זיך גענומען אן אומגליק, א גאָטס שטראָף אפ מייַן מאַן? (וויינט).

בעניע. וועל! איר זייַט גערעכט. דער אויצער — דאָס איז אן אומגליק, א קרענק, אן אייַנבילדונג פאַר א גאַנצער שטאָט מיט מענטשן. מ'דאַרף זיי היילן, קורירן, אויסקורירן. און לאָז מייַן נאָמען ניט הייסן בעניע, אויב איך וועל זיי ניט אויסקורירן! (טראַכט). איך האָב צו זיי א מיטל!.. איך האָב א פּלאַן, א וווּנדערפאָלן פּלאַן!.. (פויזע). ס'וועט זייַן אָלרייַט!.. אָלרייַט!.. (פון דער דרויסן־טיר באַווייַזט זיך האַלאָוועשקעס קאָפּ. באַשעווע ווערט פאַרשוווּנדן).

(באַשעווע אָפּ. האַלאָוועשקע שטייט א רעגע בא דער טיר, נעמט זיך אפּנ סאָלדאַטישן שטייגער אונטערן קאָזיראָק. פאַרנייגט זיך צו בעניען. בעניע גייט אים אַנטקעגן).

## האַלאָוועשקע

האַלאָוועשקע. זדראַוויא זשעלאַיעם! ניטאָ דער דיאַדינקע? איך וואָלט אים געוואָלט זען. דיעלאָ לימשנאָיע!..

בעניע (גיט אים די האַנט). העלאָ! דאָס זייַט איר דער היגער פּאָליסמען האַלאָוועשקע? ס'פרייט מיך זייער די באַקאַנטשאַפט. דער אָנקל האָט מיט מיר גערעדט פון אייַך זייער פיל, שטאַרק געלויבט!

האַלאָוועשקע. וואָס קאַק?

בעניע. יעס! ער האָט מיר געזאָגט אפ אייַך, אז איר זייַט אָלרייַט (בעט אים זיצן). איר סמוקט? (גיט אים א ציגאַר, טראָגט אים אונטער פייַער).

האַלאָוועשקע. פּאָקאָרנאָ בלאַגאָדאַריו (פאַררייכערט די ציגאַר, ציט מיט דער נאָז). א גוטע ציגאַר! די בלאַגאָוואָניע פון

איר איז זאמיעטשאטעלנאָ! וואָס קאָסט אין אמעריקע אזא ציגאר?

בעניע (ווײַזט אים מיט די פינגער). איינס.

האָלאָוועשקע. וויפל הייסט עס?

בעניע. א דאָלער.

האָלאָוועשקע. וויפל מאכט עס נא נאשי ראָססייסקי דעניעזשקי? מער ווי צוויי קאָפּעקעס זילבער?

בעניע. איר קערט מיינען צוויי רובל?

האָלאָוועשקע, הא? צוויי קארבן? דיעלאָ נעסליכאנאָיע!

בעניע. וועל! דאָס הייסט בא אײַך טײַער? בא אונדז אין אמעריקע סמוקט מען ציגארן צו פײַף דאָלער און צו צען דאָלער...

האָלאָוועשקע (קאָן ניט אײַנזיצן). סעריאָזנאָ?

בעניע. אָ יעס! פאראן אזעלכע, וואָס סמוקן צו פופציק דאָלער אויך!

האָלאָוועשקע (אויסער זיך). המ... דיעלאָ ראסטאָטשיטעלנאָיע!.. (פויזע). זאָגט נאָר, איר זײַט דאָך א פּריִעזשאיושטשי, אָן אוירעכ, הייסט עס...

בעניע. אָלרײַט. וואָס זשע ווילט איר?

האָלאָוועשקע. איר האָט זיך נאָך ניט זאיאווועט? איר דארפט זיך זאיאווען... נעפּרעמענאָ זאיאווען...

בעניע. וואָס דארף איך?

האָלאָוועשקע. זאיאווען, מעלדן זיך אין פּאָליציי... האָט איר א פּאספּאָרט?.. טשאָרנע נא ביעלאָ?..

בעניע (צעלייגט זיך ברייט אין שטול, די גראָבע פינגער פון ביידע הענט אונטערן זשילעט, די פיס אפן טיש). וואָס גייט אײַך אָן, צי איך האָב א פּאס, צי ניין?

האָלאָוועשקע. וואָט טאָבי נא! (ווײַזט אים אפן זײַן אוניפאָרם). איך בין דאָך פּאָליציי!..

בעניע. אײַ דאָן קער... איך קער ניט פאר דעם... איר



זײַט אײַך פּאָליציי, אײַ עס אַן אמעריקען סיטיזען... איר פארשטייט ניט, וואָס דאָס באטײַט? דאָס באטײַט, אז איך בין אַן אמעריקאנער בירגער...

האָלאָוועשקע. דיעלאָ פאָ דיעלאָם א סוד פאָ פאָרמיע. זײַט איר געקומען אהער צו אונדז — דארפט איר זיך פּאָדטשיניאַען אלע אונדזערע ראססייסקע זאקאָנעס נא אָסנאוואני פּרעדפּיסאניא צירקוליארא יעוואָ פּרעוואָסכאָדיטעלסטווא גאָספּאָדינא גובערנאטאָרא...

בעניע (ציט אויס א לאנגן פײַפ). פי-יו-יט!..

האָלאָוועשקע (באליידיקט). איר סווישטשעט? איר ווייסט כאָטש, אז פאר דעם פײַף קאָן איך אײַך ארויסשיקן פּונדאנען אוּוו דוואדצאט טשעטירע טשאסא?

בעניע. אָלרײַט! גיב איך א דעפּעש צו מײַן קאָנסול פון די יונײַטעד סטייטס אָפּ אמעריקע. דאָס ווייסט איר?

האָלאָוועשקע. אפ אײַער קאָנסול נאפּלעוואט! דאָ איז האָלאָוועשקע קאָנסול און גובערנאטאָר און גאָראָדאָוווי און אלצדינג, טשאָרט מעניא וואָזמי!..

בעניע (ציט אויס נאָך א לענגערן פײַף). פי-יו-יט!!...

האָלאָוועשקע (שפּרינגט אויף). טשטאָ זא סווינסטוואָ? וואָס בין איך עפּעס א מאלטשיקל, וואָס איר סווישטשעט? (כאפּט זיך בא דער סאבליע). איך בין א מענטש מיט א טשין! איך דין צו קאזנא! דיעלאָ קאזיאָנאָיע!..

בעניע. וועל! איר קאָכט זיך אומזיסט. איר זאָלט וויסן דאָס, וואָס איך ווייס אפ אײַך, וואָלט איר מיט מיר אנדערש גערעדט...

האָלאָוועשקע. איר אפ מיר? דיעלאָ זאגאדאָטשנאָיע!

בעניע (שטייט אויף, לייגט ארויף די האַנט אפ האָלאָוועשקען). מיסטער האָלאָוועשקע! איר זײַט אָלרײַט!

האָלאָוועשקע. ווטשאָם דיעלאָ? איך פארשטיי אײַך ניט.

בעניע. מײַן קוזינע, די טאָכטער פון מײַן אָנקל, עסטער, איז אײַערע. איך האָב אײַך פיל־פיל מיטגעהאָלפן.

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע (איבעראַשט). איר מיר? דיעלאָ פּאָדאָזורי-טיעלנאָיע!

ב ע נ י ע. סידאַנ! זעצט זיך נאָר אַוועק, וועל איך אײַך עפּעס דערציילן (זעצן זיך ביידע אַוועק. האָלאָוועשקע קוקט אַף אים מיט פאַרדאַכט). איך ווייס אַלצדינג, מער, ווי איר קאָנט זיך דענקען. מײַנ קוזינע גלײַכט ניט איר כאָסן, דעם כאַלפּן. ס'גייט צווישן אונדז אָנ א פּײַט: דער אָנקל און די טאַנטע ווילן, זי זאָל הייראַטן דעם כאַלפּן, און מײַנ קוזינע און איך ווילן ניט. מײַנ קוזינע איז געוואָר געוואָרן, אַז איר גלײַכט זי און אַז אירווילט צוליב איר ווערן צוריק א ייִד, זאָגט זי, אַז זי וויל ניט דעם כאַלפּן, זי וויל אײַך.

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע (מאַכט צו רעכט דעם קאָלנער, די אויגן לײַכטן). הם... פון וואָסער איסטאָטשניק ווייסט איר דאָס?

ב ע נ י ע. פון איר אַליינ. איר דאַרפט וויסן, סער, אַז מיר זײַנען מיט איר זייער באַפרײַנדעט. מײַנ קוזינע איז בא מיר זייער טײַער. איך בינ אינגאַנצן אַף איר זײַט. ווען איך זאָל זײַנ א סינגלמען און ניט האָבן קיינ פרוי, וואָלט איך זי אַליינ געהייראַטעט.

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע (שטאַרק דערפרייט). איר זײַט א זשענאַ-טער? איר האָט א ווײַב?

ב ע נ י ע. מיט צוויי טשילדערן, אינ אַמעריקע.

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע. ניעוזשעלי? און איך האָב אײַך גע-האַלטן פאַר א כאָלאָסטוי... דיעלאָ סימפּאַטיטשנאָיע!.. (רוקט זיך צו צו בעניען). איר זעט אויס אַזוי יונג, פּראָסטאָ טשודאָ! זאָגט זשע מיר, דושעטשקא, וואָס האָט זי אײַך געזאָגט וועגן מיר?.. מיט מיר קענט איר זײַנ אָטקראָווענאָ.

ב ע נ י ע (ציט אים אויס די האַנט). גיוו מי יור הענד!

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע (גיט אים די האַנט). ווטשאָם דיעלאָ?

ב ע נ י ע. אײַער ערנוואָרט, אַז איר גייט מיט מיר האַנט בא האַנט, איז אינ דרײַ טעג אַרום עסטער אײַערע.

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע. מאַמאָטשקא! גאָלובטשיק! (גיט אים ביידע



הענט). איך וועל אײַך קיינמאָל ניט פאַרגעסן! דאָ גראָבאָווי דאָסקי!..

ב ע נ י ע. אָלרײַט! דעריקער, איר זאָלט מיך פּאָלגן און טאָנ אַלץ, וואָס איך וועל אײַך זאָגן.

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע. נאַפּרימער?

ב ע נ י ע (שטייט אויף, האַלט די הענט אַרונטער, רעדט ווי צו זיך אַליינ). איך האָב א פּלאַנ, א גוטן פּלאַנ... מע דאַרף אים גוט באַקלערן... מע דאַרף מאַכן אַזוי, אַז דער כאַלפּן זאָל זיך אַליינ אָפּוואַרפן פון דעם שידעך... ניינ, מע דאַרף זען, אַז דער אָנקל זאָל פריִער אָפּשיקן די טנאָים צום כאַלפּן, און דער כאַלפּן זאָל אָפּשיקן די טנאָים צום אָנקל — זיי זאָלן זיך איינס דאָס אַנדערע אָפּגעטן...

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע. בראַוואָ!

ב ע נ י ע. האָט צײַט, נאָך ניט אינגאַנצן... דעם כאַלפּן דאַרף מען כאַסענע מאַכן... (טוט זיך א פּאַטש אינ שטערן). אָלרײַט! איך האָב פאַר אים א קאַלע — וווּנדערפאָל! (דערלאַנגט האָלאָ-וועשקען א געשמאַקן זעץ אינ פּלייצע). אוי, האָב איך פאַר אים א קאַלע!! !... (לויפט אַרום און לאַכט, כאַפּט א קוק אינ פענצטער). אָנ גייט אַהער דער אָנקל (גייט צו צו האָלאָוועשקען). איר גייט אַרויס צום אָנקל, רעדט מיט אים אָפּ, וואָס איר דאַרפט, און איך וועל מיך דערווײַל דאָ איבערטאָנ און וועל אַרויסקומען צו אײַך אינ דרויסן, וועלן מיר מאַכן ביידע א שפּאַציר, און דאָרט וועלן מיר שוינ אויסאַרבעטן אונדזער פּלאַנ פון אַלע זײַטן... יו ענדערסטענד? (גיט אים די האַנט).

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע (טרייסלט אים די האַנט). איך האָב פון דער ערשטער מינוט אַרויסגעזען, אַז איר זײַט א מאָלאָדטשינא!.. איך וועל אָפּריידן מיט אײַער דיאַדינקע א פּאָר ווערטער און וועל אײַך אָפּוואַרטן אַפן אוגאָל פון דער צווייטער גאַס... דאָ פריִאַטנאָוואָ סווידאַניא!

(האָלאָוועשקע אָפּ).

ב ע נ י ע (וואַרפט אַראָפּ פון זיך דאָס מאָרגנרעקל, טוט זיך איבער גע-

שווינד, פײַפט אויס בײַסמײַסע אן אמעריקאנער לידל „יענקי דודל“... טוט אָן א קאפעליושל אפֿן שפיץ קאָפּ, נעמט דאָס שטעקעלע, קלאפט אָן אין דער אינוווייניקסטער טיר. הויך)· מומע ! ! עסטער ! (ס׳קומען צו לויפֿן פריִער באשעווע, נאָכדעם עסטער).

## באשעווע, עסטער

**באשעווע.** מיך רופסטו?

**עסטער.** האָסט מיך גערופֿן?

**בעניע.** יעס! איך האָב אײַך גערופֿן... איך וויל אײַך זאָגן, אז איך בין אָלרײַט! אז איר זײַט אָלרײַט! מיר זײַנען אלע אָלרײַט!

**באשעווע** (צו דער טאָכטער)· וואָס זאָגט ער?

**עסטער** (צו דער מוטער). וואָס מיינט ער?

**בעניע.** וועל! איר זאָלט מיך ניט פרעגן! איר זאָלט קוקן און שווײַגן... טאָמער ווער איך פארשווונדן פארנאכט אף עטלעכע שאָ — זאָלט איר ניט פרעגן, ווו איך בין... דער אָנקל דארף ניט וויסן, אז איך בין ניטאָ... יו ענדערסטענד? נאָך א טאָג, נאָך צוויי — און דער אויצער איז מײַנער! מײַנער! מײַנער!.. (כאפט ארום פריִער עסטערן, דערנאָך באשעווען, קושט זיי).

**באשעווע** (א פליעסק מיט די הענט, צו דער טאָכטער אף א קאָל). ייִדן! ער איז גערירט! אזא שטיק גאָלד זאָל מיר קומען מאָשיִעכ, ווי ער איז גערירט! ער איז פונעם זינען!.. די גאנצע וועלט איז אראָפּ פון זינען!.. (בעניע לאכט פריילעך, לויפט צו דער טיר, שיקט פונדערווײַטן עסטערן א קוש).

פאָרהאנג

# פערטער אקט

## ערשטעס בילד

דאָס אלטע בעסאלמען. — גאנץ אלטע מאצייוועס. — אייניקע שטייען אָנגעבויגן, אייניקע זײַנען אינגאנצן אײַנגעפאלן. — א פאָר אלטע שטיבלעך מיט ווײַסן געקאלכט. — דאָס פעלד איז מיט גרינס באוואקסן. — געשיצט פון איין זײַט מיט א בארג, פון דער אנדערער זײַט — ניט קיין הויכער פארקאן. — ס׳איז פארנאכטלעך. — אויסגעלאָשן דער לעצטער שטראל פון דער פארגייענדער זון. — פון די ווײַטע ביימער הערט זיך א געזאנג פונעם בעסוילעם-סאָלאָוויי. — ס׳הערשט א פײַערלעכע שטילקײַט, א שטילע מאָרעשכוירע. — אפֿן פארקאן באווײַזט זיך האָלאָוועשקעס קאָפּ, דערויִאָכ האָלאָוועשקע אינגאנצן. עמעצער שטופּט אים אונטער.

## האָלאָוועשקע

(אָנגעטאָן אין א רעגנמאנטל מיט א קאָלפּעק אפֿן פּאָליציייסקי היטל)

**האָלאָוועשקע** (שטיל)· אָסטאָראָזשנאָ! פּאוואָלינקע! איך קאָן מיך נאָך פארטשעפּען און כאָלילע אויסברעכן א פוס... דיעלאָ ריסקאָוואנאָיע!.. (איידער האָלאָוועשקע שפרינגט אראָפּ, וואקסט אויס נאָך אים בעניע בען, אויך אין א רעגנמאנטל).

ב ע נ י ע (שפרינגט אריבער פונ דער זײַט פלויט, ציט אויס בײדע הענט צו האָלאָװעשקענ). העלאָ! גיכער! זײ קאָנענ באלד אָנקומענ אונ פאקנ אונדז א-דאָ — דאנ איז פארפאלנ די גאנצע שפּיל (נעמט האָלאָװעשקענ אפ די הענט). אָט אזוי, אָלרײַט! (גײענ בײדע פאָרזיכטיק באם פלויט צו דער סצענע־צו אײַנגעבויגנ, מיט שטילע טריט. שטעלנ זיכ אָפ, גלײַכנ זיכ אויס, רײדנ שטיל. האלטנ קלײנע לאמטערנס אינ די הענט).

ב ע נ י ע. געדענקט זשע, מיסטער האָלאָװעשקע, װאָס איר האָט צו טאָנ... זעט איר? (װײַזט אים מיט דער האנט אפ אײנעם פונ די װײַסע שטיבלעכ). איר דארפט זיכ אװעקלײגנ אָט-א דאָרטנ אונטער יענעם שטיבל, דאָרט ליגט באהאלטנ דער אלטער ראָװ... דאָרטנ זוכנ זײ דעם אויצער... יו ענדערסטענד?

ה אָ ל אָ װ ע ש ק ע. איכ פארשטײ... דיעלאָ פאָניאטנאָיע!

ב ע נ י ע. שטיל דארפט איר ליגנ, זיכ קײנ ריר ניט טאָנ, אויסװארטנ די מינוט, װענ דער כאלפנ װעט בלײַבנ אלײנ, זאָלט איר אים אָנרופנ באם נאָמענ אונ זאָגנ אים דאָס, װאָס איכ האָב אײַכ אָנגעזאָגט. געדענקט איר די װערטער עקזעקטלי?

ה אָ ל אָ װ ע ש ק ע. א קאק זשע? איכ האָב זײ אויסגעלערנט אפ אויסװײניק, אזוי װי „אָטשע נאש"... איכ קאָנ אײַכ זײ איבערכאזערנ, אויב איר װילט, דיעלאָ מינוטנאָיע!..

ב ע נ י ע. אָלרײַט! דעריקער, די שטימע, דאָס קאָל! עס דארפ זיכ דאכטנ, װי עס גײט ארויס פונ דער ערד. יו ענדערסטענד?.. אָלרײַט! אונ איכ גײ אהינ, דאָרט װוּ מײַנ אָנקל דרײט זיכ ארום שוינ פונ א פּאָר נעכט... איכ װעל אים שוינ צורעכט מאכנ אזוי, אז ער זאָל שלאָגנ מיטנ כאלפנ קאפּאָרעס אונ אָפּגעבנ די טאָכטער צו אײַכ. גוד בײַ! (ציט אויס האָלאָװעשקענ די הענט).

ה אָ ל אָ װ ע ש ק ע (קװענקלט זיכ). װי מײנט איר, מעזשדו פּראָטשימ? עס קאָנ זיכ ניט טרעפנ מיט מיר עפּעס א ניעסטשאסטני סלוטשײַ? איכ בינ נאָכ קײנמאָל ניט געװענ באנאכט אפ א קלאדבישטשע...



ב ע נ י ע (קלוימערשט קאלטבלוטיק). װעל! אז איר זײַט אזא העלד, װאָס האָט מוירע פאר א טויטנ...

ה אָ ל אָ װ ע ש ק ע. װאָט טיביע זדראװסטװוּי! (נעמט א העלדישנ טאָנ). דאָס װײסט איר, אז איכ בינ געװענ פּאָד סעװאסטאָפּאָלעמ? איכ האָב א נאגראדע פונעם קײסער... איכ... (עס זעענ זיכ פונדערװײַטנ פײַערלעכ, פריִער אײנס, דערנאָכ נאָכ אײנס, נאָכדעמ א סאכ).

ב ע נ י ע. דער אוילעם גײט זוכנ דעם אויצער... לאָמיר זיכ באהאלטנ... (צעגײענ זיכ דער אהער, דער אהינ, װערנ פארשװוּנדנ).

(בעניע, האָלאָװעשקע אָפּ. פאָרלעכה־ײַז קומענ זיכ צונויפ ייִדנ מיט לאמטערנעס אינ די הענ:ט, אלע מאנספּערזאָנענ פונ דער קאָמעדיע. — די לעװאָנע, העכער האלב אינ די װאָלקנס, באגיסט מיט א העל־זילבערנער שײַנ דאָס גאנצע פעלד אונ די מאָרעשכװירעדיקע פּענעמער פונ די פיגורנ. — זײ גײענ הארט בא דער ערד. — באזונדער גײט א י ד ל ט אָ ר ב ע, פירט א י צ י ק נ פאר א האנט. די פיגורנ באװעגנ זיכ לאנגזאמ, רײדנ צװישנ זיכ שטילערהײט).

## מאַזגאָװאָיער, באָרד, לאקירדע, דערבארמיקער, אידל, איציק

ע ר ש ט ע פ י ג ו ר. הערט איר, ייִדנ, עס זאָגט מיר דאָס הארצ, אז מיר װעלנ שוינ אזויפיל ניט זוכנ, װי מיר האָבנ געזוכט... נאָענט איז די יעשוע (זיפצט).

צ װ ײ ט ע פ י ג ו ר. די יעשוע איז נאָענט.

ד ר י ט ע פ י ג ו ר. האלעװײַ, ריבוינעשעלוילעמ! שוינ צײַט...

פ ע ר ט ע פ י ג ו ר. שוינ לאנג צײַט. נאָר װאָס קומט ארויס?

פ י נ פ ט ע פ י ג ו ר (זיפצט). אוי, ריבוינעשעלוילעמ! ריבוינעשעלוילעמ!..

(פויזע)

ע ר ש ט ע פ י ג ו ר. װײסט איר, װעמענ איכ בינ מעקאנע? די טויטע.

צווייטע פיגור. די טויטע.

דריטע פיגור. זיי ליגן זיך רויִק... זיי זײַנען שוין זייערס אָפּגעקומען...

פערטע פיגור. דארפן ניט ארויסקוקן אפ ניסים, אפ אויצרעס...

פינפטע פיגור. אוי, גאָטעניו! גאָטעניו! (וויינט שטיל, פארשטיקט).

(פויזע)

ערשטע פיגור. ייִדן, זעט איר ניט דאָרט א פײַערל בלישטשען?

צווייטע פיגור. עס בלישטשעט א פײַערל...

דריטע פיגור. מיר דאכט אויך, אז א פײַערל... עפשער איז דאָס דער אויצער...

פערטע פיגור. עס כאָלעמען זיך אײַך · פײַערלעך... ס'איז טאקע פון אונדזערע אייגענע לאמטערנעס...

פינפטע פיגור. אוי, טאטע, פאָטער!.. (כליפעט).

(פויזע)

ערשטע פיגור. אָט אזוי איז טאָמעד די טעווע פון אן אויצער: אָט באווײַזט ער זיך, און אָט ווערט ער פארשווונדן...

צווייטע פיגור. פארשווונדן...

דריטע פיגור. מיסטאמע זײַנען מיר ניט זויכע באם אייבערשטן... אָדער עפשער האָבן מיר זיך מיט עפעס פארזינדיקט...

פערטע פיגור. וועמען ליגט אין קאָפּ זינדיקן, מישטיינסגעזאָגט?..

פינפטע פיגור. זיסער גאָט!.. (זיפצט).

(פויזע)

ערשטע פיגור. און עפשער איז דאָס דערפאר, וואָס מיר טרעטן אפ די הייליקע קוואָרים? ווי מיינט איר, ייִדן? דאָ ליגן סאמע קדוישים, נאָך פון כמעלניצקיס צײַטן...



צווייטע פיגור. פון כמעלניצקיס צײַטן...

דריטע פיגור. און גלאט גדוילים... די צוועלף צאדיקים...

פערטע פיגור. און דער ראָוו א דרײַצנטער...

פינפטע פיגור. הארציקער געטרײַער!.. (דאָס פײַערל, וואָס האָט זיך געזען פונווײַטן, ווערט אלעמאָל נעענטער. — עס קומט אָן פון שטאָט דער ראָוו מיט א לאמטערן אין האנט. — דער גאנצער אוילעם רינגלט אים ארום).

## ראָוו

ראָוו. א גוטן־אָוונט אײַך, קינדער! דער, וואָס לעבט אייביק, זאָל אײַך זײַן צו הילף.

מאַזגאָוואָיער (גייט צו צום ראָוו). בענטשט אונדז, רעבע, מיר זאָלן הײַנט מער מאצליִעך זײַן, ווי אלע נאכט. מיר זאָגט דאָס הארץ, אז ס'איז געקומען די רעכטע צײַט...

ראָוו. די רעכטע צײַט, מײַן קינד, קאָן קומען נאָר דעמלט, ווען ער וועט וועלן... דעריקער, קינדערלעך, אז אײַער קאוואָנע זאָל זײַן ניט נאָר צוליבן גאָלד אליין... גאָלד איז אין אלע דוירעס געווען און וועט זײַן אן אווודעזאָרע... געקומען בין איך אהער, כאָלילע, ניט זאָגן מוסער, נאָר פארהיטן אײַך פון מאכלויקעס, עס זאָל, כאָלילע, ניט ארויסשפרינגען בא אײַך א קריגעניש אין דער מינוט, ווען עס וועט, אימירצעשעם, ניסגאלע ווערן די יעשוע... מאכלויקעס איז אין די זאכן א סאמאמאָוועס... זײַט ניט כוישעד איינס דאָס אנדערע, און ניט פארלירט דעם ביטאָכן... גיט אכטונג אפ די אלטע קוואָרים און מאצייווע׳ס, שטערט ניט זייער רו... מאכט ניט הערן אײַערע קוילעס צו הויך, וואָרעם א ווינט קאָן זיי פארטראָגן אהין אין שטאָט ארײַן און עס קאָן אײַך, כאָלילע, שאטן... איך גיי אהיים בארויִקן די איבעריקע ייִדן, זיי קוקן שוין נעבעך ארויס אפ א גוטער פסורע, האלעוואַי איך זאָל

זויכע זײַנ צו זײַנ דער שאָלִיעכ — זיי די פסורע אָנצוזאָגנ. א גוטע־נאכט. א גוטע-נאכט (לאָזט זיכ גיינ, דער אוילעם לײַכט אימ צו).

אקאָל פונ אוילעם. לאָז עמעצער גיינ דורכפירנ דעמ רעבנ אהיימ...

ראָוו. קינד וואָס דו ביסט! א מענטש א מענטשנ קאָנ ניט פירנ... ס'איז דאָ ווער ס'זאָל פירנ... ער ועט מיכ פירנ.

(ראָוו אָפ)

ערשטע פיגור. ס'ארא ראָוו מיר האָבנ!

צווייטע פיגור. מיר האָבנ דאָס א ראָוו!

דריטע פיגור. אנ אויצער, ניט קיינ ראָוו!

פערטע פיגור. דערווײַלע האָבנ מיר א ראָוו, אונ קיינ אויצער ניט... קיינ אויצער נאָכ אלצ ניט...

פינפטע פיגור. אוי, ריבוינעשעלוילעמ, טאטע־פאָטער, זיסער גאָט, הארציקער, געטרײַער!..

ערשטע פיגור. דעמ ריבוינעשעלוילעמ לאָזט צורו. גייט בעסער אהינ, ווו מע גראָבט דעמ אויצער...

צווייטע פיגור. ווו מע גראָבט דעמ אויצער... (איינס נאָכ דאָס אנדערע לאָזנ זיכ די פיגורנ אונטערנ בארג, לאנגזאמ ווערנ זיי פארשווונדנ. אפנ פלאצ בלײַבט איבער נאָר די ערשטע פיגור — לייווי מאָזגאָוואָיער).

מאָזגאָוואָיער (צו זיכ אליינ). מע דארפ זוכנ נאָכ־אמאָל אָט־א דאָרט בא מײַנ טאטנס קייווער... (נעמט זיכ רעכטס). טאָמער וועט זיכ באווײַזנ עפעס א סליאד... (בייגט זיכ צו דער ערד מיט א לאמטערנ, זוכט אינ גראָז). שיינ וואָלט געווענ, ווענ דער אויצער פאלט ארײַנ צו מיר אינ די הענט, ניט צו אידלענ... (פויזע). איכ וואָלט זיכ ניט אזוי באגאנגענ מיט די יִידנ, ווי אָט דער כאלפנ... ניט געצאפט פונ זיי דאָס בלוט, ווי ער צאפט פונ אונדז אלע טאָג עמערווײַז... (זיפצט). איכ זאָג דיר צו, אוי, ריבוינעשעלוילעמ, באווײַז דײַנ נעס... (ער גלײַכט זיכ אויס, הערט זיכ צו). ווער רופט מיכ?.. אָדער עס האָט זיכ מיר



אויסגעוויזנ?.. (וויל זיכ אָנבייגנ זוכנ, דערהערט א מאָדנע שטימע, ווי פונ אונטער דער ערד, בלײַבט שטיינ האלב אָנגעבויגנ. הערט זיכ צו).

די שטימע (מיט א געזאנג). לייווי! לייווי!..

מאָזגאָוואָיער (גלײַכט זיכ אויס, שטעלט אופ די אויערנ).

די שטימע. לייווי! לייווי!

מאָזגאָוואָיער (טרעט אָפ צוריק, ציטערט).

די שטימע. לייווי, מײַנ זונ! קומ צו נעענטער, האָב קיינ מוירע ניט...

מאָזגאָוואָיער (גייט צו איינ טריט, גייט אָפ צוויי טריט צוריק, קוימ וואָס ער האלט זיכ אפ די פיס).

די שטימע (פײַערלעכ, מאָנאָטאָנ). הער צו, מײַנ זונ לייווי, פארנעמ מײַנע רייד, וואָס איכ טו צו דיר זאָגנ: דער אויצער איז נאָענט... ניט שפעטער, ווי אינ צוויי טעג ארומ, וועט ער זיכ אנטפלעקנ אינעמ זכוס פונ דײַנ ווײַבס שוועסטער זלאטע אונ פונ איר זונ בעניע בענ זלאטע, וואָס ער וועט דיכ צופירנ גלײַכ צומ אויצער, אויב דו וועסט מיכ פאָלגנ אלצ, וואָס איכ זאָג דיר. מאָרגנ גאנצפרי, איידער די זונ גייט אופ, זאָלסטו אָפשיקנ די טנאָיִמ צו אידל דעמ כאלפנ, אונ פארנאכט, איידער די זונ פארגייט, זאָלסטו שטעלנ א כופע צו דײַנ טאָכטער עסטער מיט איר באשערטנ בעניע בענ זלאטע. ער וועט דיר זאָגנ, ווו דער אויצער איז... איצטער גיי אהיימ אונ האָב ניט מוירע פאר האָלאָוועשקעס, אונ טו, וואָס איכ זאָג דיר, וועסטו זײַנ אָלרײַט...

מאָזגאָוואָיער (אויסגעהעריט מיט גרויס ציטערניש אונ אופרעגונג, לאָזט ארויס די לאמטערנ פונ דער האנט, פאלט אומ מיט א געשריי). גוואלד, יִידישע קינדער!.. (אפ דעמ געשריי לויפנ זיכ צונויפ פונ אונטערנ בארג אלע פיגורנ מיט די לאמטערנעס, בייגנ זיכ אָנ צומ געפאלענעמ מאָזגאָוואָיער. עס ווערט א טומל מיט א גערודערײַ).

איינער. וואָס איז?

צווייטער. געכאלעשט...

דריטער. ווער?

פערטער. לייווי מאָזגאָוואָיער...

פינפטער. ראַטעוועט אים! וואַסער! וואַסער!

זעקסטער. ווו האָט איר וואַסער? רייַבט אים בא די הענט!

זיבעטער. קוועטשט אים די שלייפן!..

אלע. רייַבט אים! קוועטשט אים!.. (מע רייַבט אים און מע קוועטשט אים).

מאָזגאָוואָיער (עפנט אוף די אויגן, הייבט אוף דעם קאָפּ. זעצט זיך אוף, קוקט זיך ארום אף אלע זייַטן). ייִדן! הייבט מיך אוף!.. איך דארף אייַך עפּעס זאָגן... (מע הייבט אים אוף, ער ווישט זיך דעם שווייס). די ישועה איז געקומען... מיר זייַנען געהאָלפן... מיר זייַנען אופגעריכט געוואָרן... מיר זייַנען שוין אף א וועג... איר האָט ניט געהערט קיין קאָל?

איינער. געהערט עפּעס א דין קאָל.

צווייטער. א פּישטשען פון א פייגעלע.

דריטער. א ברומען פון א טויב.

פערטער. א קאָל ווי פון אויבן.

פינפטער. א באַסקאָל.

זעקסטער. א פּסורע פונעם אויצער...

זיבעטער. האַלעווייַ, ריבוינעשעלוילעם! שוין צייַט!.. שוין צייַט!.. ניטאָ מער קיין קויעך!

מאָזגאָוואָיער. מיר וועלן שוין אזויפיל ניט ווארטן, וויפל מיר האָבן געווארט... די לעצטע טעג, די לעצטע טעג... קומט מיט מיר, מיט מיר... (לאָזט זיך גיין, אלע נאָך אים).

איינער (שטעלט זיך אָפּ). און ווו איז דער כאַלפן?

צווייטער. אידל טאָרבע מיטן קאַדעש? געבליבן זוכן...

דריטער. סאַמע דעם רעכטן מעכוטן האָט מען פארגעסן!

פערטער. ער זוכט אלעמאָל אף א נייַעם אָרט... אים טאָר מען ניט לאָזן אליין.



פינפטער. טאָמער געפינט ער... א קאַשע אף א מייַסע...

זעקסטער. און מאַכט א שווייַג...

זיבעטער. אָדער גאָר א וואַיִוראַכ...

מאָזגאָוואָיער. לאָזט אים צורו, אידלען, לאָזט צורו... ניט ער איז דער שאַליִעכ, ניט ער, אַן אנדערער... קומט צום ראָוו, דאָרט וועל איך אייַך עפּעס דערציילן... מאָרגן, אימיר־צעשעם, וועט איר הערן די גוטע פּסורע... מיר זייַנען אופגע־ריכט, ייִדן, מיר זייַנען געהאָלפן, מיר זייַנען געהאָלפן, מיר זייַנען געהאָלפן! (גייען צום טויער).

(באָרד, לאַקירדע, דערבארמיקער, מעלאַמעד, כאַזן, שאַמעס און די אי־בעריקע אָפּ. פון הינטערן בארג לינקס באַווייַזט זיך אידל טאָרבע מיט איציקן).

אידל טאָרבע (פירט איציקן פאר א האַנט, אָנגעבויגן מיט א לאַמטערנע צו דער ערד, ניט ווייַט פון אלטן שטיבל אפן אלטן ראָווס קייווער). איציק, נו?

איציק. וואָס נו?

טאָרבע. אָט אדאָ־אָ?

איציק. וואָס אָט אדאָ־אָ?

טאָרבע. האָסטו געפונען דאָס רענדל?

איציק. יאָ.

טאָרבע (ווייַזט א ביסל ווייַטער). עפּשער דאָ?

איציק. יאָ.

טאָרבע (נאָך א ביסל ווייַטער). עפּשער דאָ?

איציק. יאָ.

טאָרבע (א צי איציקן בא דער האַנט). א, די קאַפּאָרע זאָלסטו ווערן! אומעטום, ווו מע ווייַזט אים, איז יאָ, און יאָ, און יאָ! (ווייַזט אים אפן זעלבן אָרט וואָס פריִער). ניט אָט דאָ־אָ?

איציק. וואָס ניט אָט דאָ־אָ?

טאָרבע. האָסטו געפונען דאָס רענדל?

איציק. ניין.

ט אָ ר ב ע (ווײַזט אים א ביסל ווײַטער)׳ און אָט אָ־דאָ אויך ניט?

א י צ י ק. ניין.

ט אָ ר ב ע. טפו זאָלסטו ווערן, שלימאזל! פריִער איז בא אים געווען יאָ און יאָ, איצט איז ניין און ניין! (גלײַכט זיך אויס). איך האָב שוין ניט קיין גאנצנ ביין... מע דארף זיך א ביסל אָפּרוען (זעצט זיך אוועק אפ דער ערד, שפּאַרט זיך צו צו דער וואנט פונעם אלטנ ראָווס שטיבל. איציק זעצט זיך אוועק א ביסל ווײַטער, שפּילט אינ זאמד).

ט אָ ר ב ע (קוקט זיך ארום זיצנדיק, רעדט צו זיך אליינ). ווו זײַנען דאָס אהינגעקומענ אלע ייִדנ, וואָס מע זעט זיי ניט?.. זיי לאָזנ מיך ניט אָפּ אפ קיינ מינוט... היטנ מיר די נעשאָמע, איך זאָל ניט אויסכאפּנ דעם אויצער און ניט אנטלויפנ מיט אים קיינ ערעציִיסראָעל... דאָס ווילנ זיי ניט וויסנ, אז ווענ ניט איך, מעגנ זיי זיך געזעגענען מיטנ אויצער. ווער זוכט? ווער גראָבט? ווער גיט געלט אפ צו גראָבנ? ווער האלט אויס א גאנצע שטאָט מיט אָרעמעלײַט, קאפּצאָנים, דאלפּאָנים, אניִים־ווּעוויוניִם, איינ דאלעס גרעסער פונעם אנדערנ? (קוקט זיך ארום). ווו זײַנען זיי?.. עפּשער האָבנ זיי געכאפּט א נײַעמ סליאד פונעם אויצער און ווילנ מיר אָנפּײַפנ?.. עס! ניט אידלענ פּײַפט מענ! (שטייט אופ, וויל זיך לאָזנ גיינ, דערהערט א מאָרנע שטימע, ווי פונ דער ערד ארויס. ער בלײַבט, ווי צוגעשמידט צום אָרט, קאָנ ניט רירנ מיט קיינ איווער).

ש ט י מ ע. אידל! זאָלסט זיך ניט דוויגענ פונדאנענ ני נא שאג. דאָס ראזגאָווארעוועט מיט דיר דער אלטער ראָוו... זאָלסט וויסנ, אז דאָ טיעכ פאָר, וואָס דו וועסט זײַנ עסטערס כאָסנ, וועסטו דעם אויצער ניט געפינענ. מיט לייווי מאָזגאָוואָ־יערס טאָכטער וועסטו קיינ גליק ניט האָבנ. דײַנ גליק וועסטו געפינענ בא דער וודאָווישקע עלקע. צו איר זאָלסטו מאָרגנ טשום סוויעט אוועקפאָרנ, נאָר פריִער זאָלסטו אָפּשיקנ די טנאָיִמ צו לייווי מאָזגאָוואָיער, און זאָלסט קומענ צו דער אל־



מאָנע, און זאָלסט איר אָפּגעבנ דאָס רענדל, וואָס דײַנ זונ ייִצכאָק האָט געפונענ, און זאָלסט זי איבערבעטנ מיט גוטע רייד און זאָלסט פאר איר כאסענע האָבנ, און ניעמעדליענאָ ברענגענ אהער צום ראָוו, און פארנ ראָוו וועט זי זאָגנ, ווו דער אויצער נאכאָדיעט זיך... און מיטנ גאָראָדאָווי האָלאָוועש־קע זאָלסטו שלאָגנ בלאט, אימ פילנעווענ, וועט זײַנ דיעלאָ וו׳שליאפּע!.. (די שטימע ווערט אנשוויגנ, אידל טאָרבע הערט זיך צו נאָך א ווײַלע, לאָזט זיך אראָפּ אפ דער ערד, ווי אנ אונטערגעהאקטער בוים).

ט אָ ר ב ע (נאָך א קורצער פּויזע, קוים וואָס ער רירט מיט דער צונג)׳ איציק! (איציק האָט זיך פארשפּילט, הערט ניט). איציק!! איציק!!!

א י צ י ק. הא?

ט אָ ר ב ע. קום אהער... הייב מיך אופ... (איציק הייבט אים). איציק!

א י צ י ק. הא?

ט אָ ר ב ע. ווו בינ איך?

א י צ י ק. איך ווייס ניט.

ט אָ ר ב ע. איך בינ געשלאָפנ?

א י צ י ק. יאָ.

ט אָ ר ב ע. עס האָט זיך מיר געכאָלעמט?

א י צ י ק. יאָ.

ט אָ ר ב ע. צי איך האָב געהערט אפ דער וואָר?

א י צ י ק. יאָ.

ט אָ ר ב ע (קוקט זיך ארום). ניטאָ קיינער?

א י צ י ק. ניינ.

ט אָ ר ב ע. ווו זײַנענ מיר?

א י צ י ק. איך ווייס ניט.

ט אָ ר ב ע. כידושים!.. א נאכט פונ ווונדער.. א נאכט פונ קישעפ!.. מיט מיר האָט גערעדט דער אלטער ראָוו, זיכרוינע ליווראָכע... א מאָדנער לאָשנ!... א קענטלעכע שטימע... הם... עלקע די אלמאָנע?.. בא איר גאָר דער אויצער?!... מע דארפ

ניט זאָגן קיינעם... עס וועלן זיך געפינען באַלאָנים... איציק, קום אהיים!

(טאָרבע, איציק אָפּ. ב ע נ י ע און ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע שפּרינגען ארויס פון זייערע פּאָזיציעס).

ב ע נ י ע. נו?

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע. נר־נו?

ב ע נ י ע. אָלרייט! אצינד דארפט איר פאָרן, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט. דאָרט וועט איר ארויסנעמען א בריוו פונעם ראָוו, אז איר זייט געוואָרן צוריק א ייִד, וואָרעם אנדערש קענט איר ניט כאסענע האָבן מיט מיין אָנקלס טאָכטער. דאָרט וועט איר דערווייל אכטונג געבן אפן כאלפן. ער פאָרט כאסענע האָבן מיט דער אלמאָנע, וואָס מיר האָבן גערעדט... יו ענ־דערסטענד?.. ביז איר וועט קומען צוריק, וועל איך דערווייל צוגרייטן מיין אָנקל, ער זאָל אייך כאסענע מאכן, און אז ער וועט ניט וועלן, נעם איך אייך מיט מיין קוזינע אפ מיינע עקס־פּענסעס צו מיר קיין אמעריקע און מאך אייך דאָרטן כאסענע...

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע (נעמט אים ארום). גאָלובטשיק!..

ב ע נ י ע. איך טו דאָס מער צוליב מיין קוזינע — יו ענ־דערסטענד?

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע. מעזשדו פּראָטשים, איך האָב צו אייך נאָך א פּראָסבע.

ב ע נ י ע. וועל, אבי ס׳איז נאָר מעגלעך...

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע. ס׳איז מיר זייער זשאַל אוועקוואַרפן די סלוזשבע. עפשער איז וואָזמאָזשנע, אז איר זאָלט אויסכלאָפּאָטשען פאר מיר דאָרטן די זעלבע פּאָליציייסקע דאָלזשנאָסט פון א גאָראָדאָוווי?

ב ע נ י ע. אָלרייט! אבי איר זאָלט נאָר האָבן אלע פּיי־פּערס, דאָקומענטן.

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע (לעבעדיק). ראזומעיעטסיא! איך האָב מיין טשיסטאָ אָטסטאווקא. איך בין דאָך געווען פּאָד סעוואסטאָפּאָלעם, איך האָב א בלאגאָדארנאָסט פונעם קייסער...



ב ע נ י ע. זייט איר אָלרייט!.. בא אונדז נעמט אזא פּאָ־ליסמען ווי איר פונקט דריי מאָל אזויפיל... וואָס זאָג איך? — דרייסיק מאָל אזויפיל!

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע. און פון דער זייט פאלט צו עפּעס א דאָכאָדל? דיעלאָ סלוזשעבנאָיע!

ב ע נ י ע. אָהאָ-האָ! בא אונדז איז ניטאָ איין פּאָליסמען, וואָס זאָל ניט פארמאָגן כאָטש צוויי הייזער אייגענע מיט א קערידזש... ס׳איז דאָ בא אונדז א פּאָליסמען, פאָרט ער אנדערש ניט ארויס, ווי מיט צוויי שווארצע נעגערס: איינער פון פאָרנט, איינער פון הינטן. נאָך איין פּאָליסמען איז בא אונדז פאראן, איז ער דריי מאָל אזוי רייך, ווי וואנדערבילד מיט ראָקאָפּעלערן צוזאמען!..

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע. מאמאָטשקא! (כאפּט אים ארום קושן). מעזשדו פּראָטשים, און דאָס וואָס איך ווער צוריק א ייִד, וועט ניט מעשאיען מיר צו דער דאָלזשנאָסט?

ב ע נ י ע. אדעראבע! דאָס איז נאָך בעסער! בא אונדז איז קימאט די גאנצע פּאָליציי פון ייִדן! ניטאָ בא אונדז איין פּאָליסמען, וואָס זאָל ניט זיין פון ייִדן... געווען איינער, האָט ער זיך אויך ניט לאנג מעגאיער געווען צוליב א מיידל אזוי ווי איר, כא־כא־כא! (שענקט האָלאָוועשקען א פּאטש אין פּלייצע).

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע (שענקט אים צוריק א פּאטש אין פּלייצע). כע-כע-כע! (זיי נעמען זיך ביידע אונטער די הענט, גייען פּאָרזיכטיק צום פּלויט. פריִער קלעטערט האָלאָוועשקע. בעניע שטופּט אים אונטער).

ב ע נ י ע (זעצט אים ארופּ). קריכט, האָט קיין מוירע ניט!..

ה אָ ל אָ ו ו ע ש ק ע. אָסטאָראָזשנאָ! איך קאָן מיך נאָך כאָלילע פארטשעפּען פארן פּלאשטש... דיעלע אָפּאסנאָיע!..

ב ע נ י ע. אָלרייט! אָלרייט! (קריכט אים נאָך).

פ אָ ר ה א נ ג

## צווייטעס בילד

א גרויסער שאלאש. — לאנגע געדעקטע טישן: פלעשלעך, גלעזלעך, לעקעך, אייַנגעמאכטס. — ארום די טישן זיצן ייִדן און ווייַבער, צווישן זיי אלע פּערזאָנען פון דער פּיעסע, אויסער אידל טאָרבע, איציק, האָלאָוועשקע, וואָלצלאַווסקי און עלקע. — גאנץ אויבנאָן — כאָסן־קאלע: בעניע אין א פראק, א צילינדערהוט, א ווייַסן שניפּס. עסטער אין א ווייַס כופּע־קלייד מיט א ווייַסן שלייער. — בא דער זייַט ייִדישע קלעזמער מיט די קיילים אין די הענט, ווארטן, מע זאָל זיי הייסן שפּילן. — צווישן די טישן דרייען זיך ארום מיט שייַנענדיקע פּנעמער לייווי מאָזגאָוואָיער מיט פּארקאטשעטע ארבל, דאָס היטל ארופ, רויט און פארשוויצט, באשעווע מיטן זייַדן טיכל ארונטערגעבינדן אפ הינטן. — בעטן די געסט זאָלן עסן און טרינקען. — זיי גייען נאָך דער שאמעס און זעלדע די קעכן, העלפן אויסשטעלן טעלער, לעפל און גאָפּלען.

**עטלעכע קוילעס.** ששש! שאט! ייִדן! דער רעבע וויל טרינקען לעכאַיִם!

**ראָוו** (מיט א זילבערנעם בעכער אין האנט, זוכט מיט די אויגן). לע־כאַיִם, מעכוטן! ווו איז דער מעכוטן?

**קוילעס.** מעכוטן! מעכוטן! ווו איז דער מעכוטן? דער רעבע וויל טרינקען מיטן מעכוטן לעכאַיִם!..

**מאָזגאָוואָיער** (דערהערט). אָט־אָ בין איך. איך גיי. (גייט צו צום ראָוו, נעמט א גלעזל. דער גאנצער עולעם שפּארט זיך צו־נויפ הערן דעם רעבן; דעם ראָווס פּאָנעם שייַנט).

**ראָוו.** לעכאַיִם, מעכוטן, רעב לייווי! דער אייבערשטער זאָל געבן, ס'זאָל זייַן מיט גליק און דו זאָלסט האָבן גרויס נאכעס פאר די יעסורים, וואָס דו ביסט אויסגעשטאנען פון דער צייַט, וואָס ס'האָט זיך באוויזן בא אונדז א ליכט פון האָפּע־נונג... איך דארף דיר זאָגן א שוואך, רעב לייווי, אין די אויגן, אז דו ביסט א גרויסער מייַמינ!.. בא דיר איז די עמונע לע־מייַלע מין האסייכל... דאָס וואָס דו קענסט ניט מאסיג זייַן מיטן סייכל, ביסטו מעצאמצעם מיטן גלויבן... דו ביסט אין דער בכינע פון אן עמעסן ערלעכן ייִדן, וואָס פרעגט ניט קיין



קאשעס, וואָרעם קאשעס פרעגן האָט ניט קיין שיר און קיין ערעך... עפּשער ביסטו גערעכט... עפּשער אינעם זכוס פון דייַן ווייַבס שוועסטערס זון איז באשערט, אז ייִדן זאָלן אופגע־ריכט ווערן... עפּשער האָט צוליב דעם דער אייבערשטער אזוי געפירט, אז ער דארף קומען אהער פון מערכאָקים, אזש פון אמעריקע... זעט מען דאָך, אז ס'איז מין־האשאָמאַיִם... זעט מען דאָך בעכוש, אז מיר האָבן א גרויסן גאָט, וואָס מיט איין האנט שטראָפט ער, מיט דער אנדערער היילט ער... אז מיר האָבן א גוטן גאָט, וואָס האָט ראכמאָנעס, וואָס ער שיקט אונדז צו די רעפוע פאר דער מאקע. א סימען האָט איר, אז פּונקט אין דער צייַט, ווען דער פּאָרעץ האלט בא פארקויפן די שטאָט, און ייִדן, נעבעך, זייַנען אזוי פאראָרעמט און פאר־וואָגלט, באווייַזט זיך פלוצעם א שטראל פון האָפענונג, ווי אין פּאָסעק שטייט גע... (פלוצעם ווערט א ראַש: האָלאָוועשקע איז גע־קומען. דער ראָוו ווערט אונטערגעבראָכן).

**קוילעס.** האָלאָוועשקע! האָלאָוועשקע!

## האָלאָוועשקע

(אָנגעטאָן ציוויל, נאָר מיט א פּאָליצייסקע היטל אפן קאָפּ, ווארפט א קוק אפן גאנצן עולעם, דערזעט אויבנאָן כאָסן־קאלע, כאפּט זיך אינסטינקטיוו בא דער זייַט, ווו ער פלעגט טראָגן די סאבל)

**האָלאָוועשקע** (ציט אויס מיט א לאנגן טאָן). וואָס ק־א־אך??? האָט מען מיך, הייסט דאָס, נאדויעט? אָנגעטאָן א ספּאָ־דעק? און ווער? (ווייַזט אפן כאָסן). א ייִנגל, א מאָלאָקאָסאָס!.. ער מיינט, אז עס וועט אים אָפּלויפן גלאט! אז איך וועל מיך לאָזן פירן בא דער נאָז! מיך האָט נאָך קיינער ניט אָפּגע־נארט! איך הייס האָלאָוועשקע!.. איך וועל אייַך באווייַזן, ווער איך בין!.. אָט לויף איך און טו אָן צוריק מייַן אמוניציע און ווער צוריק גאָראָדאָווויי! וואָס מיינט איר? איר האָט מיך שוין געפּאטערט?.. איך גיב אייַך אפ אייַך, אז איר האָט מיך צוגע־רעדט, אז איר האָט מיך זאסטאוועט, אז איך זאָל ווערן צוריק

א ייִד! איר ווייסט, אז איך בין א מענטש א קאזיאָנע? איר ווייסט, מיט וואָס דאָס שמעקט? מיט סיביר! מיט קאטאָרגע! דיע־לאָ אוגאָלאָוונאָיע!..

מאָזגאָוואָיער (צו האָלאָוועשקען). האָט קיין פאריבל ניט, רעב כאַיִם־בער, איר סטראשעט די געגנדז. מע הערט אַייַך מיטן קאָטער. ערשטנס, האָבן מיר צווישן זיך א געשריפטס, שווארצ אפ ווייַס — איר וועט אַייַער כסימע ניט אָפלייקענען — אז איר האָט א כיילעק גלייַך מיט אונדז אלע אין דעם אויצער און אז איר זייַט מעכויעוו צו האלטן די זאך בעסאָד, אז קאזנא זאָל דערפון ניט וויסן; איז וויבאלד איר גיט אַייַן אפ אונדז, גיט איר אַייַן אפ זיך. איז איינ מאָל אוועק. וועהאשייניס, לאך איך מיך גלאט אויס פון אַייַער באבע: דער אויצער איז שוין, מיט גאָטס הילפ, ווי בא אונדז אין קעשענע. איר פאָלגט מיך, מאכט בעסער א שווייַג, וועט איר כאפן א שטיקל, אניט וועט איר בלייַבן, פארשטייט איר מיך, אי א מאָסער אי א נאר — צו וואָס טויג עס אַייַך?

האָלאָוועשקע. וואָס איז מיט אַייַך אזוי די גרויסקייַט? עפשער האָט מען דאָס אַייַך געזאָגט נעכטן אפ דער קלאד־בישטשע פון אַייַער טאטנס מאָגילא? זאָלט איר וויסן, אז דאָס איז ער!.. (ווייַזט אפן כאָסן). אָט דער מאָלאָקאָסאָס!

מאָזגאָוואָיער (צעלאכט זיך). נארישער מענטש וואָס איר זייַט! איר האָט געהערט קלינגען און קענט ניט נאָכזינגען! דאָס איז געווען דער טאטע מייַנער פון יענער־וועלט.

בעניע (שטייט אוף). אָנקל, דאָס בין איך געווען — איך.

מאָזגאָוואָיער (צו בעניען). דו?!

בעניע. יעס!

מאָזגאָוואָיער (פאלט שיר ניט אום). באשעווע, ווו ביסטו? (צו בעניען). וואָ־וואָ־וואָס הייסט? איך פארשטיי ניט!

בעניע. עס טוט מיר לייד, באָט איך מוז אַייַך זאָגן, אָנקל, איך האָב אנדערש ניט געקאָנט. איך האָב געזען, ווי איר



בלאָנדזעט און לאָזט זיך ניט פירן אפן רעכטן וועג. דער אוי־צער האָט אַייַך דאָ אלעמען אזוי פארדרייט דעם קאָפּ, אז איר האָט פארלאָרן אַייַער פארשטאנד. איר האָט אָנגעהויבן גלייבן אין כאלוימעס, אין איבערנאטירלעכע וווּנדער. טויטע פון יע־נער-וועלט האָבן אָנגעהויבן אַייַך מאכן וויזיטן, ריידן ווי לע־בעדיקע מענטשן. דאן האָב איך ארויסגעזען, אז מיט ווערטער איז מיט אַייַך נישט צו מאכן, ביקאָז איר זייַט שוין צו ווייַט פארגאנגען. האָב איך צו מיר געזאָגט: אָלרייַט! מע דארף אַייַך שמייַסן מיט אַייַער אייגענער רוט, און לאָז מייַן נאָמען ניט הייסן בעניע, אויב איך וועל אַייַך ניט עפענען די אויגן און אומקערן צוריק צו אַייַערע ביזנעס. ביקאָז דער אויצער איז א נאָנסענס, א פאנטאזיע פון אַייַער קאָפּ! מייַנע פרייַנט! אַייַער זוכן איז ארויסגעוואָרפן — ביקאָז עס איז ניטאָ קיין אויצרעס אפן אלטן בעסוילעם, אפ אן אלטן בעסוילעם זייַנען דאָ אלטע קוואָרים, צעבראָכענע מאצייוועס... (אין ד״ר גאנצער צייַט פונעם ספּיטש איז דער אוילעם אופגעבראכט, מע קוקט איינס אפס אנדערע, און אלע קוקן אפן ראָוו, וועלכער זיצט רויִק און הערט. מע ווארפט פייַערדיקע בליקן אפן רעדנער. די לעצטע ווערטער קאָן מען שוין ניט איבערטראָגן, און עס לאָזן זיך הערן קוילעס פון פארשיידענע זייַטן).

1-טע שטימע. דאָס איז שוין אן אזעס!

2-טע שטימע. א כוצפּע!

3-טע שטימע. א העפקיירעס, וואָס איז ניט געהערט געוואָרן!

4-טע שטימע. האָט ניט קיין דערעכערעץ פארן רעבן!

מאָזגאָוואָיער (וועלכער איז ערשט געקומען צו זיך). קומט אויס, הייסט דאָס, אז דער כאָכעמ און דער קאָפּ־מענטש — דאָס ביסטו, און מיר אלע דאָ זייַנען יינגלעך, נאראָנים, בלינ־דע מענטשן, וואָס פארשטייען ניט פונדאנעג אהין? (צום ווייַב). באשעווע! וואָס זאָגסטו, איך בעט דיך, אפ דייַן פלימעניק פון אמעריקע? ער האָט דאָך אונדז געמאכט נאָר אויסצודרייען! א האנטשירקע האָט ער פון מיר געמאכט! די מאשמאָעס, אז

דייַנ מאנ, לייווי מאָזגאָוואָיער, וואָס די וועלט האָט אים געהאלטנ פאר א באלמויעכ, וואָס מענטשנ קומענ צו אים זיכ אנ אייצע האלטנ, איז גאָר, כא־כא־כא, א ייִנגל! א טיפּעש! א בעהיימע!!!

באשעווע. אזא שטיק גאָלד... (פארכאפּט זיכ).

מאָזגאָוואָיער (ווייַזט אפ בעניען, רעדט צום עוילעם). ייִדנ! אָט דער ייִמאכשמויניק האָט געלייגט דעם קאָפּ אפ אויסנארנ בא מיר די טאָכטער, אונ — מע קאָנ ניט זאָגנ — ס'איז אים גערְאָטנ (צו בעניענ). ס'איז דיר געראָטנ, בעניע, לעמיַי זאָל איכ לייקענענ? האָסט אָפּגעארבעט א שטיקל ארבעט קונציק! דאָס זאָג איכ דיר, לייווי מאָזגאָוואָיער אליינ זאָגט עס דיר, אז ס'איז בערייִש! מיילע, אָפּגעטאָנ, איז פארפאלנ. לאָז דיר גאָט געבנ, זאָלסט זיכ עלטערנ מיט איר אינ אוישער אונ אינ קאָוועד. ס'איז נאריש, איכ בינ דאָכ דיר איצטער א טאטע גלייַכ, ווי איר (ווייַזט אפ עסטערנ). עס קומט דיר, דו האָסט זי קאָשער פארדינט, אזוי ווי יאנקעוו אָווינו בא לאָוואָנ האָאראמי... וואָרעמ אָפּנארנ לייווי מאָזגאָוואָיער, פארשטייסטו מיכ, דארפ מענ זיכ גוט אונטערגארטלענ!.. נאָר דאָס, וואָס דו ווילסט אונדז אייַנשמועסנ, אז ס'איז ניטאָ קיינ אויצער — דאָס וועסטו דערציילנ דאָרטנ אינ אמעריקע, ניט אונדז! ביסט א גרויסער נאר, זאָג איכ דיר! אז דו וועסט זיכ אוועקשטעלנ מיט איינ פוס אפנ הימל אונ מיט דער אנדערער אפ דער ערד אונ שרייַענ, אז ס'איז ניטאָ קיינ אויצער — וועט מענ דיר דענ גלייבנ? (צום עוילעם). ייִדנ! וואָס שווייַגט איר?

עטלעכע קוילעס. אנ אזעס!.. א כוצפּע!.. א פּאָטעפּאלנאָסט!.. א העפקיירעס! (א באוועגונג אינ עוילעם).

האָלאָוועשקע (צו מאָזגאָוואָיער). מעזשדו פּראָטשימ, וואָס מיינט איר, אז איכ בינ א ייִנגעלע? איכ פארשטיי ניט קיינ שטוקעס? איר מיינט, איכ ווייס ניט, אז ס'איז בא אייַכ מיט אָט דעמ מאָלאָקאָסאָס (ווייַזט אפ בעניענ) אנ אָבשטשע סאָגלאסיע? ווענ דערציילט איר סקאזקעס? מע זעט ניט, אז ס'איז א



סאָבאטשע קאָמעדיע? איכ פארשטיי ניט, צו וואָס ער האָט באדארפט ארויסשטעלנ מיכ אפנ בעסוילעמ פאר א סטראשידלע צו אָט־אָ דעמ אידיאָט דעמ כאלפנ... אָט איז ער!.. (עס קומט אָנ איידל טאָרבע, נאָכ אימ גייט נאָכ עלקע).

## איידל טאָרבע, עלקע

(ביידע זייַנענ שטארק אופגערעגט, ביידע ווילנ ריידנ, שלאָגנ איבער איינס דאָס אנדערע. דער עוילעמ קוקט זיי אָנ אונ גאפט).

טאָרבע. אנ אומגליק!.. אפּאָנעמ, געמאסערט... איר ווייסט גאָר ניט, וואָס סע טוט זיכ?..

עלקע. איכ ווייס ניט, וואָס וויל ער האָבנ פונ מייַנ לעבנ, אָט דער ייִד? פונ גאנצפרי אָנ האָט ער זיכ נאסיאדעט, ווי א זאקוציע...

טאָרבע (צו עלקענ). שא! לאָז אויסריידנ א וואָרט!

עלקע. שלימאזל, אונ וווּ בינ איכ?

מאָזגאָוואָיער (מישט זיכ אריַינ, וויל זיי צענעמענ). דערעכערעצ! לאָז איינער ריידנ פונ אייַכ, ניט ביידע מיטאמאָל! לאָז ער ריידנ — ער איז א מאנצבל!

עלקע (צו מאָזגאָוואָיער). אזוי פּאסקנט איר א פּסאקעצ? וואָס זייַט איר? א ראָוו אינ שטעטל?

מאָזגאָוואָיער (צום עוילעמ). מיר דאכט, אז דאָס איז די מעשוגענע אלמאָנע! (צום ווייַב). באשעווע! איאָ, ס'איז זי?

עלקע. ערשטנס, ווייס איכ ניט, ווער פונ אונדז ביידע איז מער מעשוגע: איכ צי איר? איכ האָב אייַכ דעמלט געזאָגט, אז דאָס רענדל איז מייַנ רענדל, האָט איר מיכ אויכ געמאכט פאר א מעשוגענע אונ געוואָלט איבערגעבנ מיכ אינ גויִישע הענט, צו א גאָראָדאָווױ, עפּעס א האָלאָוועשקע, ייִמאכ שמוי וועזיכרוי! א גליק, וואָס ער רעדט ייִדיש אונ נעמט א מאטבייע, נעמענ זאָל ער אייַכ א מיסע־מעשונע! (האָלאָוועשקע וויל זיכ א לאָז טאָנ צו איר, דערמאָנט זיכ, אז ער איז אָנ דער אוניפאָרמ, ציט

אָפּ צוריק). און וואָס איר זאָגט, אַז איך בין אַן אַלמאָנע, האָט איר אַ טאָעס; איך האָב שוין אַ מאַן, ביז הונדערט צוואַנציק יאָר, אַפילו אַ כושים, אַ שלימאַזל, נאָר פאָרט אַ מאַן, ווי זאָגט מען: אַ קאַפּאָרע...

טאָרבע (שלאָגט איר איבער). ווער פרעגט דיך? לאָז אויסריידן אַ וואָרט! לאָזן זיי וויסן, וואָס עס טוט זיך מיטן אויצער...

קוילעס. מיטן אויצער?.. מיטן אויצער?.. וואָס איז מיטן אויצער?

טאָרבע. שלעכט! ביטער! אָפּאָנעם, אַ מעסירעלע... איך גיי מיט איר נאָרוואָס פון...

עלקע. אָט וועט ער אײַך דערציילן, וועט זײַן וואָס צו הערן! איר הערט בעסער מיך! הײַנט, גאַנצפרי, גאָט איז נאָך געשלאָפן, קומט ער צו מיר, אָט דער שלימאַזל (ווײַזט אָפּ אויף טאָרבע) און ברענגט מיר אָפּ דאָס רענדל, מײַן ערשטן מאַנס רענדל, און זעצט זיך אַוועק און פרעגט מיך אויס, פונוואַנען איך לעב, און וויפל קינדער איך האָב, און פאַרוואָס איך האָב ניט כאַסענע? זאָג איך: וועלכער מעשוגענער וועט מיך נעמען? זאָגט ער: איך! איך בין, זאָגט ער, אַ ייִד אַ נאָגיד, מע קאָן זאָגן אַ גוויר... זאָג איך...

טאָרבע. וואָס גייט זיי אָן? ניט דאָס איז דער איקער. דער איקער איז...

עלקע (פאַרשטעלט אים דאָס מויל). דער איקער? בײַ מיר איז דאָס דער איקער! וואָס טויג אײַך, ער האָט זיך נאַסיאַדעט אָפּ מיר, ווי אַ גוטע זאַקוציע, און נעמט מיך אַוועק צו אונדזער ראָוו און שטעלט מיט מיר אַ כופּע...

מאָזגאָוואָיער (צו אידלען). ק'מט דאָך אײַך מאַזלטאָוו!.. וואָס עפּעס אַזוי כאַפּנדיק?

טאָרבע. מיט מאַזל זאָלט איר לעבן... איך האָב געטאָן אַזוי, ווי מע האָט מיר געהייסן... מע האָט מיר אַזוי אָנגעזאָגט...



האָלאָוועשקע (גלײַך אידלען אין פּאָנעם אַרײַן). אי־די־אָט!!

עלקע. איך זאָג אויך דאָס אייגענע, כאָטש ער איז מיר אַ מאַן, אַ מאַן קעדאַס מוישע ווע־יִסראָעל. האָט איר געהערט אַמאָל אַ מאַן אַ דעאָט זאָל פירן אַ ווײַב טייקעף נאָך דער כופּע גלײַך אָפּן בעסוילעם? אָפּן אַלטן בעסוילעם?

קוילעס. אָפּן בעכוילעם?.. אָפּן אַלטן בעסוילעם?.. וואָס האָט ער צו טאָן אַליין אָפּן בעסוילעם?.. אָן אונדז?.. אונדז באַגאַנווענען?.. ער איז אַ גאַנעוו!.. אַ גאַנעיו!..

טאָרבע (רויט, פאַרשוויצט, אויסער זיך). אַ גאַנעוו? וואָס האָב איך בײַ אײַך געגאַנוועט?

קוילעס. געוואָלט גאַנווענען!.. אַוועקגאַנווענען דעם אויצער!.. דעם אויצער!..

טאָרבע. דעם אויצער? וואָסער אויצער? איר האָט שוין אַן אויצער? גייט זעט, וואָס אָפּן אַלטן בעסוילעם טוט זיך! באַלאַגערט פון אַלע פיר זײַטן!.. דער פּאָרעץ... דער גראַף איז געקומען צו פאָרן... אָפּאָנעם, געמאָסערט... אַ פּולער בעסוילעם מיט פּאָליאַקן!.. וולאָצלאַווסקי איז אויך דאָרטן... מע גראָבט... מע זוכט דעם אויצער!.. (בײַ די ווערטער גליטשט זיך האָלאָוועשקע אַרויס און סטײַעט ניט).

(האָלאָוועשקע אָפּ. די יעדיִע מאַכט אָן אַ ראַש. דער גאַנצער עוילעם בלײַבט אַזוי ווי געליימט. קיינער קאָן זיך ניט רירן פון אָרט, קיינער קאָן קיין וואָרט ניט אַרויסריידן. אויסער איינע לייווי מאָזגאָוואָיער, וואָס צינדט זיך אָן, ווי אַ ליכט).

מאָזגאָוואָיער. ייִדן! האָב איך ניט געוווּסט, אַז אָט דאָס וועט זײַן דער סאָף, זאָל איך ניט אַוועקגיין פון אָט דעם אָרט!.. (צום ווײַב). באַשעווע!.. וואָס האָב איך דיר געזאָגט?.. אוי, מײַנע כאַלוימעס! מײַנע כאַלוימעס!..

באַשעווע. אַזאַ שטיק גאָלד זאָל מיר קומען מאָשיִעך!..

מאָזגאָוואָיער (צו בעניען, פונדערווײַטן). נו, כאָכעם מײַנער פון קלוגן לאַנד אַמעריקע! איצט זעסטו שוין? איצט וועסטו שוין ניט אָפּלייקענען, אַז ס'איז דאָ אַן אויצער?.. (צים ראָוו).

רעבע! גיט עפעס אנ אייצע — וואָס טוט מענ? וווהינ גייט מענ? וווהינ לויפט מענ? (פארקאטשעט די ארבל, גרייט לויפנ אינ דער וועלט ארײַנ. אפ אימ קוקנדיק ווערט אופגערעגט דער איבעריקער אוי־לעמ. מאנצבילנ זיפצנ; ווײַבער ברעכנ די הענט. אנדערע וויינענ שטיל).

ר אָ ו (רויק, מיט א לויכטנדיק פּאָנעמ, פעסט). מע דארפ ניט גיינ. מע דארפ ניט לויפנ. מע דארפ נאָר האָבנ ביטאָכנ אפנ איי־בערשטנ; אז דער אייבערשטער וועט וועלנ, וועט ער טאָנ א נעס — זיי וועלנ זוכנ אונ זוכנ אונ וועלנ ניט געפינענ גאָרניט, אזוי ווי מיר האָבנ געזוכט אונ געזוכט אונ ביז אהער נאָכ ניט געפונענ גאָרניט ניט... קינדערלעכ! איכ האָב אײַכ געזאָגט וויפל מאָל: מיר האָבנ א גרויסנ גאָט! מיר האָבנ א שטארקנ גאָט!..

מ אָ ז ג אָ ו אָ י ע ר (באגײַסטערט פונעמ ראָווס ווערטער). ייִדנ! דער ראָוו איז גערעכט! מיר האָבנ א גרויסנ גאָט אונ א שטארקנ גאָט!

ק ו י ל ע ס. א גרויסנ גאָט! א שטארקנ גאָט!

ר אָ ו (צו לייווי מאָזגאָוואָיער). דערווײַל ביסטו, רעב לייווי, א מעכוטנ, בא דיר איז, הייסט עס, א סימכע, באדארפסטו פריי־לעכ זײַנ!.. (צום איבעריקנ אוילעמ). אונ אויכ איר באדארפט זיכ פרייענ בא ייִדנ אפ א סימכע. עס איז א גרויסע מיצווע מע־סאַמייעכ זײַנ כאָסנ־קאלע! א גרויסע מיצווע!

מ אָ ז ג אָ ו אָ י ע ר. אזא יאָר אפ מיר, ווי דער רעבע איז גערעכט! ייִדנ! לאָז זײַנ פריילעכ! (צו דער קאפעליע). קלעזמער! א פריילעכס, א ייִדיש!

ק ו י ל ע ס. א ייִדיש! א ייִדיש!.. (די קלעזמער טוענ א כאפּ א „ייִדיש". לייווי מאָזגאָוואָיער צענעמט די פּאָלעס, לאָזט זיכ א „כאָסידל". אנטקעגנ אימ גייט באשעווע מיט א פרומ פּאָנעמ, האלט פאר זיכ א פאטשיילע. אינ דעמ טאנצ גיכט זיכ אויס זייער גאנצע נעשאָמע, דער אוילעמ ווערט אופגעמונטערט, פּליעסקעט צו מיט די הענט צומ טאקט. דער ראָוו האלט די אויגנ ארופ, דאָס פּאָנעמ שײַנט. לאנגזאמ פאלט דער פאָרהאנג).